


איליא ערענבורג, געצייכנט דורכ פאבלא פיקאסא

ש. ל. שניידערמאַן

# איליא ערענבורג

פאַרלאַג „אידישער קעמפער"

תשכ"ט ניו-יאָרק 1968

# אינהאַלט:

**ביכער פון ש. ל. שניידערמאַן:**

גילדערנע פייגל (לידער), וואַרשע, 1928.

פייערן אין שטאָט (לידער), וואַרשע, 1934.

צווישן נאַלעווקעס און אייפל־טורעם (רעפּאָרטאַזשן), וואַרשע, 1935.

*Od Nalewek do Wieży Eifla,* Warszawa, 1936.

קריג אין שפּאַניען (רעפּאָרטאַזשן), וואַרשע, 1938.

צווישן שרעק און האָפענונג, בוענאָס איירעס, 1947.

*Between Fear and Hope,* New York, 1947.

*The Warsaw Heresy,* New York, 1959.

I

# אויפן ראַנד פון צוויי וועלטן

אילִיאַ ערענבורג — דער רעפּאָרטער, פּאָעט, נאָוועליסט און מעמואַרן־שרייבער — האָט שאַקירט די קאָנסערוואַטיווע עסטעטן מיט זיין אומ־צערעמאָניאַלן דורכברעכן די קאַנאָניזירטע מחיצות צווישן די פאַרשי־דענע ליטעראַרישע פאָרמען.

אַלץ, וואָס איז אָפּער פון אונטער ערענבורגס פּען, האָט געאָטעמט מיט אומרו און ליידנשאַפטלעכן באַגער זיך צו דערשלאָגן צום קערן פון דער געשעעניש און אירע ריין־מענטשלעכע אַספּעקטן. דערביי איז ער געווען געצוימט אין זיין פּאַטאָס און איבערקלייבעריש אין די וואָרט־מיטלען. ער האָט פיינט געהאַט די סענטימענטאַלע צעגאָסנקייט און לירישע זיסקייט. זיין עפעקטיווסטער געצייג איז אַלעמאָל געווען די בליציקע מעטאַפאָרע.

ערענבורג האָט געשריבן אויף דער הייסער מינוט, אין אַלע סיטו־אַציעס און באַדינגונגען — אין דער טומלדיקער קאַפע, אין דער באַן און אין אויטאָמאָביל; אויף מיטינגען און מאַניפעסטאַציעס און אַפילו אונטערן האָגל פון קוילן אויפן פראָנט. ער האָט געמאַכט זיינע פאַר־צייכענונגען אויף דער שפּייז־קאַרטע אין רעסטאָראַן, אויפן פּראָגראַם

אין טעאַטער אָדער קאָנצערט־זאַל, און אויף דער צייטונג, וואָס ער האָט געלייענט.

די אָבסערוואַציעס פון די לויפנדיקע געשעענישן האָט ערענבורג באַאַרבעט מיט בליציקע רעפלעקסן, וואָס האָבן די פּאַסירונגען געגעבן די דימענסיע פון זיין אַקטיווער אַנגאַזשירטקייט. דער אומרואיקער ריטם פון זיין לירישער פּראָזע האָט פאַרכאַפּט דעם לייענער מיט דער ספּעציפיש־ערענבורגישער פאָרם פון צונויפבלענדן פאַקט און מחשבה.

דאָס באַציט זיך סיי צו זיינע דערציילונגען און רעפּאָרטאַזשן און סיי צו די פּובליציסטישע אַרטיקלען, אין וועלכע די סאַמע באַנאַלסטע פּראָפּאַגאַנדע־סלאָגאַנס זיינען געוואָרן באַאַרבעט מיט טיף־רירנדיקע קלייניקייטן פון טאָג־טעגלעכן מענטשלעכן געראַנגל. ער איז געווען שלאָגפערטיק און גייסטרייך בכתב און בעל־פּה און דאָס אין אַלע פּעריאָדן פון זיין ברויזנדיקן לעבן אין אונזער שטורמישער תקופה פון רעוואָלוציעס, בירגער־קריג און וועלט־מלחמות.

דער כאַראַקטער־שטריך פון ערענבורגס פּערזענלעכקייט איז אימפּראָוויזאַציע. אַן עלעמענט פון אימפּראָוויזאַציע איז געווען אַפילו אין זיין פּלוצימדיקן טויט, וואָס איז געקומען אין אַ מאָמענט פון ערענבורגס שאַרפסטן קאָנפליקט מיט דער ביוראָקראַטישער מאַשין פון סאָוועטישן רעזשים, ערב דעם פופציקסטן יובל פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, וואָס האָט אים אין אָנהויב געהאַט שטאַרק פאַרכאַפּט, אָבער גאַנץ שנעל געגומען ביי אים וועקן ספקות.

זינט דאַן האָט ערענבורג כסדר זיך געפונען אויפן ראַנד פון די צוויי וועלטן, וואָס ער האָט געשטרעבט צונויפצוברענגען, און דערביי אין ביידע וועלטן געוועקט שטאַרקן פאַרדאַכט וועגן דער עכטקייט פון זיינע כוונות.

אין ערענבורגס דרייפאַכיק־געשפּאָלטענער פּערזענלעכקייט האָבן זיך געראַנגלט: דער איד, דער רוס און דער מערב׳דיקער קולטור־מענטש. אין דער תקופה פון סטאַליניסטישער משוגעת איז דער דאָזי־

קער גערענגל — וואָס איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר נישט אײן אַסימילירטן אידיש־סאָוועטישן אינטעלעקטואַל — באַצייכנט געוואָרן מיטן זידל־וואָרט: „קאָסמאָפּאָליטיזם“.

די צווייטע וועלט־מלחמה איז געווען דער איינציקער פּעריאָד אין לעבן פון איליאַ ערענבורג, ווען ער האָט דערגרייכט אינערלעכע האַר־מאָניע, און זיין פּען איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מעכטיקן וואָפן אין קאַמף קעגן די נאַציס.

מיטן טויט פון איליאַ ערענבורג איז פון דער אינטערנאַציאָנאַלער ליטעראַרישער אַרענע פאַרשוואונדן איינע פון די קאָלירפולסטע אָבער אויך קאָנטראָווערסאַלסטע פּערזענלעכקייטן, וועמענס ווערק און עפנט־לעכע אַרויסטרעטונגען האָבן נישט איינמאָל אַרויסגערופןליידנשאַפט־לעכע דעבאַטן אויף ביידע זייטן פון אַזוי־גערופענעם „אייזערנעם פאָרהאַנג“.

אַ שווערער קלאַפּ איז דער טויט פון איליאַ ערענבורג געווען פאַר די רעבעליאַנטישע שרייבער אין סאָוועטן־פאַרבאַנד — און בכלל אין קאָמוניסטישן מזרח־אייראָפּע — וועלכע האָבן אין אים פאַרלוירן אפשר דעם וויכטיקסטן אָנשפּאַר אין זייער קאַמף פאַר דער פרייהייט פון קינסטלערישן אויסדרוק. קיין שום אַנדערער סאָוועטישער שרייבער פון עלטערן דור איז נישט געווען אַזוי אויסגעשפּראָכן ווי ערענבורג ביים פאַרטיידיקן די רעכט פון קינסטלער צו עקספּערימענטירן.

אויפן ערשטן קאָנגרעס פון סאָוועטישן שרייבער־פאַרבאַנד, אין יאָר 1934, איז ערענבורג שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן זשדאַנאָווס טעאָריע וועגן „סאָציאַליסטישן רעאַליזם“. אין דעם קאָנגרעס האָבן זיך נאָך באַטייליקט מאַקסים גאָרקי, איזאַק באַבעל און ניקאָלאַי בוכאַרין, וועלכע האָבן געבראַכט צום אויסדרוק זייערע באַוואָרענישן לגבי זשדאַנאָווס ליניע פון שטרענגער פּאַרטייאישער קאָנטראָל אויפן געביט פון קינסטלערישן שאַפן. ערענבורג איז געווען אָבער באַזונדערס בייסיק אין זיין דערקלערונג, אַז דער אינדיווידועלער פּראָצעס פון קינסטלע־

רישן שאַפֿן קען נישט פֿאַרגליכן ווערן מיטן פּראָצעס פֿון אויפֿשטעלן אַ שטאָל־פֿאַבריק.

מיט צוואַנציק יאָר שפּעטער, אין 1954, איז ערענבורג אַרויסגעקומען מיט זיין ראָמאַן „די אויפֿטייאונג" (אָטיעפּעל), וועמענס מעטאַפֿאָרישער נאָמען איז שנעל פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ סימבאָל פֿון דער דע־סטאַליניזאַציע. דער דאָזיקער ראָמאַן, וואָס איז דערשינען קוים איין יאָר נאָך סטאַלינס טויט און צוויי יאָר פֿאַר דעם היסטאָרישן צוואַנציקסטן פּאַרטיי־קאָנגרעס (כרושטשאָוו האָט דאַן געהאַלטן זיין רעדע וועגן סטאַלינס פֿאַרברעכנס), האָט אָפּגעשפּיגלט די אומגעדולד פֿון סאָוועטישן בירגער און זיין דראַנג נאָך פֿרייהייט. ערענבורגס „אויפֿטייאונג" איז געווען דער ערשטער אָנזאָג, אַז דאָס פּלאַצן פֿון סטאַליניסטישן אייז איז אומפֿאַרמיידלעך.

אין 1966 האָט ערענבורג פֿאַרנומען דעם אויבן־אָן אין דער רשימה פֿון די סאָוועטישע שרייבער, וועלכע האָבן געחתמעט אַ שאַרפֿן פּראָטעסט קעגן דעם האַרבן אורטייל אין דעם משפּט פֿון די שרייבער אַנדרעי סיניאַווסקי און יולי דאַניעל.

אויך אין זיינע מעמואַרן האָט ערענבורג מיט גרויס עלאָקווענץ פֿאַרטיידיקט די פֿרייהייט פֿון קינסטלערישן אויסדרוק. די מעמואַרן זיינען פֿאַר ערענבורגן געווען אַ באַקוועמער אומוועג אויסצומיידן דעם טעמפּן צענזאָר. די קאַפּיטלען, אין וועלכע ערענבורג שילדערט זיין פֿריינטשאַפֿט מיט די פֿירנדיקע אַוואַנגאַרד־פּאָעטן און קינסטלער אין מערב־אייראָפּע, זיינען אין דער זעלבער צייט עסייען וועגן די אַוואַנגאַרד־באַוועגונגען, וואָס זיינען געוואָרן שאַרף באַקעמפֿט דורך דער אָפֿיציעלער סאָוועטישער קריטיק.

דאָס זעקס־בענדיקע ווערק — „מענטשן, יאָרן, לעבן" — וואָס ערענבורג האָט מיט אַזאַ אימפּעט געשריבן אין די סאַמע לעצטע יאָרן פֿון זיין לעבן, און דאָס ווי אין אַ געיעג מיטן מלאך־המוות, איז נישט נאָר אַ טרייע אָפּשפּיגלונג פֿון דער פֿאַרביקער פּאַנאָראַמע פֿון זיין

שטורמישער פאַרגאַנגענהייט, נאָר איז אויך אַ ווידוי פון ערענבורג׳ס בלאָנדזשענישן און גערעַנגל מיט זיין פאַרקריפּלטער אידישקייט. ער האָט גענוצט די מעמואַרן, בכדי טיילווייז אויפצוהויבן דעם פאָרהאַנג איבער דעם אָפּגרונט פון די סטאַליניסטישע פאַרברעכנס לגבי שרייבער און קינסטלער — אידן און נישט־אידן.

ערענבורג איז געווען באַפריינדעט מיט פיל פון די סאַמע גרעסטע פערזענלעכקייטן פון אונזער יאָרהונדערט. באַזונדערס דויערהאַפט איז געווען זיין פריינטשאַפט מיט פאַבלאָ פיקאַסאָ. במשך פון פערציק יאָר צייט האָט פיקאַסאָ געצייכנט און געמאָלן פאָרטרעטן פון איליאַ ערענבורג און דאָס אין די פאַרשידנסטע פאַזן פון ערענבורגס פאָליטישע מעטאַמאָרפאָזעס, ווען ער איז געווען צעקריגט מיט דעם סטאַלין־רעזשים, אָדער האָט אים טריי געדינט.

אַפילו אין די סאַמע פינסטערסטע יאָרן פון סטאַלין־טעראָר האָט ערענבורג אָנגעהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט שרייבער און קינסטלער אין דער מערב־וועלט, באַזונדערס אין פראַנקרייך, וועמענס ווערק זיינען געווען טאַבו אין סאָוועט־רוסלאַנד. צו דערמאָנען בלויז אַנדרע זשיד און אַנדרע מאַלראָ, וועלכע זיינען געסטעמפּלט געוואָרן ווי „פאַררעטער״, נאָך דעם, ווי זיי האָבן אַ צייט געהאַט פאַרנומען די „מזרח־וואַנט״ אין דער פאָלקס־פראָנט באַוועגונג.

II

# אין דער היים פון איליאַ ערענבורג אין מאָסקווע

די היים פון איליאַ ערענבורג אין דעם גיגאַנטישן באַראָק־אַרטיקן הייזער־בלאָק אויף גאָרקי־גאַס אין מאָסקווע האָט מיט זיך פאָרגע־שטעלט אַ פּערמאַנענטע אויסשטעלונג פון די ווערק פון פראַנצויזישע מאָדערניסטן, וואָס זיינען דורך דער אָפיציעלער סאָוועטישער קריטיק באַקעמפט געוואָרן ווי אַ „פּראָדוקט פון בורזשואַזער דעקאַדענץ און צעפוילטקייט".

דער באַזוכער אין דער היים פון איליאַ ערענבורג איז געוואָרן איבערראַשט פון דער רייכער גאַלעריע בילדער פון רענואַר, מאַטיס, מאָדיליאַני, לעזשע, בראַק, סוטין, פּיקאַסאָ, שאַגאַל און אַנדערע אַוואַנ־גאַרד־קינסטלער, וועמען ערענבורג האָט אין זיינע מעמואַרן געווידמעט צאַלרייכע זייטן. די בילדער פון די דאָזיקע מייסטער שטאַמען פון די פאַרשידנסטע פאַזן פון זייער שאַפן אין פאַרלויף פון איבער אַ האַלבן יאָרהונדערט, ווען ערענבורג האָט זיין היים געטיילט צווישן פּאַריז און מאָסקווע.

אין האַרבסט פון יאָר 1965 האָב איך צוויי מאָל, צו עטלעכע שעה, פאַרבראַכט אין הויז פון איליאַ ערענבורג אויף גאָרקי נומער 8 אין מאָסקווע. די דאָזיקע באַזוכן האָבן פאַר מיר אַנטפּלעקט אומבאַקאַנטע

כאַראַקטער־שטריכן פון איליאַ ערענבורג, וועלכן איך האָב אין די דרייסיקער יאָרן פיל מאָל באַגעגנט אין פּאַריז, באַרצעלאָנאַ און מאַדריד, און אויך נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה זיך מיט אים געטראָפן אין אייראָפּע.

דער שטענדיק־אַנגעכמורעטער קאַפּריזנער איליאַ ערענבורג האָט זעלטן־ווען זיך געלאָזט אַריינציען אין אַ לענגערן שמועס. ער איז געווען קאַלט און דיסטאַנצירט. אַפילו אויף די פראָנטן אין שפּאַניע, וואו עס פלעגט ספּאָנטאַן זיך אַנטוויקלען אַ פריינטשאַפט צווישן קריגס־קאָרעס־פּאָנדענטן, וועלכע האָבן זיך באַגעגנט צום ערשטן מאָל, איז ערענבורג פאַרבליבן אומצוטריטלעך און פרעמד.

איך האָב אָבער געטראָפן גאָר אַן אַנדער ערענבורג אין זיין היים אין מאָסקווע, ווען ער האָט זיך געגרייט אָפּצוצייכענען דעם 75־טן געבורטסטאָג. זיין אַמאָל געדיכטע, צעשויבערטע טשופּרינע איז געווען שיטער און גרוי, דאָס קנאָכיקע פּנים צעאַקערט מיט טיפע קנייטשן און די שאַרפע, לאַנגע נאָז באַזונדערס אָנזעעוודיק. אין די ווינקלען פון זיין איינגעפאַלענעם מויל האָט זיך געצייכנט אַ גרימאַס פון ביטערניש און ליידן. עס איז אָבער נישט געמינערט געוואָרן דער פלאַם פון זיינע אויגן, טיף פאַרזונקען אין די שלאַבעריקע קישעלעך, וועמענס בלויע רינגען האָבן זיך צונויפגעגאָסן מיט די ווילד־צעוואָקסענע ברעמען.

מיין באַזוך ביי איליאַ ערענבורג האָט נישט געהאַט דעם כאַראַק־טער פון אַ פאָרמעלן אינטערוויו. דאָס איז געווען זיין באַוואָרעניש גלייך ביי מיין ערשטן טעלעפאָנישן קאָנטאַקט מיט אים. ער האָט מסכים געווען, אַז איך זאָל נוצן דעם שמועס, אויב איך וועל שרייבן אין אַלגעמיין וועגן מיינע באַגעגענישן מיט אים אין פאַרשידענע צייטן.

חוץ דער דאָזיקער באַוואָרעניש האָב איך אָבער אין דעם ערשטן טעלעפאָן־שמועס דערפילט אַ וואַרעמקייט, וואָס ערענבורג האָט קיינ־מאָל פריער נישט אַרויסגעוויזן צו מיר. ער האָט מיך געפרעגט, אין וועלכן האָטעל איך שטיי איין און ווי לאַנג איך בלייב אין מאָסקווע און

צוגעזאָגט באַלד מיך צוריקרופֿן, ווען איך קען קומען צו אים. עס האָט גענומען טאַקע נישט מער ווי עטלעכע מינוט, ווי ערענבורג האָט צוריקגערופֿן און מיך איינגעלאַדן צום מיטאָג־עסן נאָך דעם זעלבן טאָג אויף דריי אַזייגער.

דער האָטעל „נאַציאָנאַל" אין מאָסקווע, וואו איך בין איינגעשטאַנען, געפֿינט זיך אויף גאָרקי־גאַס נומער 1, אָבער ביז צום הויז פֿון איליאַ ערענבורג אויף נומער 8 פֿון דער זעלבער גאַס, איז אַ מהלך, ווייל יעדער נומער איז אַ לאַנגער בלאָק, דורכגעשניטן מיט זייטן־געסלעך. דאָס זיינען אַכט־ אָדער צען־שטאָקיקע אַפּאַרטמענט־הייזער מיט גרויסע קראָמען, פּאָפּולערע רעסטאָראַנען און בוכהאַנדלונגען.

אין צענטער פֿון דעם ריזיקן הויז אויף גאָרקי 8 זיינען איינגעמויערט צוויי מעטאַלענע פּליטעס, צום אָנדענק פֿון צוויי באַוואוסטע סאָוועטישע שרייבער, וועלכע האָבן געוואוינט אין דעם דאָזיקן הויז און זיינען ביידע געשטאָרבן אין זעלבן יאָר — אין 1945. דאָס איז דער פּראָזאַאיקער וויאַטשעסלאַוו שישקאָוו, מחבר פֿון ראָמאַנען וועגן לעבן פֿון רוסישע פּויערים, און דער פּאָעט־סאַטיריקער דעמיאַן ביעדני, דער פּאָפּולערער טרובאַדור פֿון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. אין די צוואַנציקער יאָרן האָט דעמיאַן ביעדני פֿאַרעפֿנטלעכט נישט איין בייסיקע „אַגיטקע" קעגן איליאַ ערענבורג, וועלכער האָט דאַן געפּראַוועט גלות אין בערלין און פּאַריז.

די גאָרקי־גאַס, איינע פֿון די וויכטיקסטע אַרטעריעס פֿון דער סאָוועטישער הויפּט־שטאָט, איז אין אָט־דער נאָכמיטאָג־שעה געווען כמעט פּוסט. עס איז געווען אַ זעלטן־וואַרעמער סעפּטעמבער־טאָג און די זון האָט צוגעגעבן אַזויפֿיל בלענדיקע פֿאַרביקייט צו די טורקוס־בלויע און גאָלדענע קופּאָלן פֿון קרעמל, וואָס געפֿינט זיך גאָר נאָענט פֿון דער גאָרקי־גאַס. איבער אַ צאָל בנינים האָבן נאָך געפֿלאַטערט די שוואַרץ־רויטע עגיפּטישע פֿענער, הגם גאַמעל אַבדעל נאַסער האָט שוין געהאַט פֿאַרלאָזט מאָסקווע.

דער אַריינגאַנג צו ערענבורגס דירה האָט געפירט דורך אַ ריזיקן הויף פון אַ זייטיקן געסל. די וועכטערין האָט אָפּנים שוין געוואוסט, אַז איך דאַרף קומען, ווייל זי האָט מיט אַ בינטל שליסלען אין האַנט געוואַרט אויף מיר ביים אַלטמאָדישן עלעוועיטאָר און מיך אַרויפגע־פירט אויפן העכסטן עטאַזש, וואו ערענבורג האָט פאַרנומען אַ פינף־צימערדיקע דירה, וואָס איז אין די מאָסקווער פאַרהעלטענישן אַן אומ־געווייגלעכער לוקסוס.

ערענבורג און זיין פיל אינגערע פרוי, ליובאַ, אַ באַגאַבטע מאָלערין, האָבן מיך אויפגענומען אין דעם גרויסן סאַלאָן, וואו די ווענט זיינען געווען פאַרהאָנגען מיט בילדער פון פראַנצויזישע מאָדערניסטן און אויך פאַריזער פּייזאַזשן פון פרוי ערענבורג.

נאָך דעם געווייגלעכן אויסטויש פון פראַגן און ענטפערס וועגן מיין באַזוך אין סאָוועט־רוסלאַנד, זיינען מיר אַריבער אין עס־צימער. ביים מאָלצייט איז אויך געווען ערענבורגס סעקרעטאַרשע, אַ יונגע, בלאָנדע פרוי, וועלכע האָט געהאָלפן דער באַלעבאָסטע ביים סערווירן די מאכלים — גערויכערטע פיש, קאַרטאָפל מיט שמאַנט, וואורשט און פיל פרוכטן.

איך האָב נישט געדאַרפט איבערדרייען די טעלער, כדי צו דער־קענען, אַז דער פיינער פאָרצעלאַן־סערוויז מיט דעם געשמאַקפולן אָרנאַ־מענט אין גאָלד און בלוי שטאַמט פון פראַנקרייך, פון סעוור. בכלל איז די היים פון ערענבורגן געווען פול מיט סטילפולע מעבל־שטיקער, אַנטיקאַרטיקע טישלעך און פאָטעלן, וואָס די ערענבורגס האָבן אָנגע־זאַמלט במשך פון די לאַנגע יאָרן, וואָס זיי האָבן געלעבט אין פאַריז.

עס איז געווען מאָדנע, אָבער דאָך פסיכאָלאָגיש באַרעכטיקט, וואָס ערענבורג האָט פון דער העלער הויט פלוצים געגומען דערמאָנען עפּי־זאָדן פון אונזערע באַגעגענישן בעת דעם שפּאַנישן בירגער־קריג מיט קנאַפּע דרייסיק יאָר צוריק. ער האָט צונויפגעמישט פאַרשידענע דערי־

נערונגען וועגן מענטשן און געשעענישן, וואָס זיינען ווייט נישט געווען כראָנאָלאָגיש לויטן סדר, אָבער האָבן דאָך געהאַט אַ טיפֿן אינערלעכן צוזאַמענהאַנג.

ער האָט דערמאָנט, אַז בעת אַ באַזוך אויפֿן פּראָנט פֿון אוניווערזי־טעטס־קוואַרטאַל אין מאַדריד, אין דער אַזוי־גערופֿענער „סיודאַד אוני־ווערסיטאַריאַ״, האָט מען פֿון דער פֿאַשיסטישער זייט פּלוצים געעפֿנט אַ שיסעריי פֿון מאַשין־ביקסן און מיר האָבן זיך ביידע פֿאַרשטעקט אין אַ נישט־פֿאַרענדיקטן בנין. ער האָט זיך אויפֿגעשטעלט פֿון טיש, אַריין אין אַ שכנות׳דיקן צימער און אַרייַנגעבראַכט צוויי אַלבאָמען מיט פֿאָטאָס פֿון שפּאַנישן בירגער־קריג: „אָ. ה. פּ.״ און „נאָ פּאַסאַראַן״ (צוויי סלאָגאַנס פֿון רעפּובליקאַנישן שפּאַניע), צו וועלכע ערענבורג האָט אָנגעשריבן הקדמות און די אונטערשריפֿטן צו די בילדער. ער האָט אַ בלעטער־געטאָן די ביכער, וואָס זיינען אין די יאָרן 1937 און 1938 דערשינען אין מאָסקווער פֿאַרלאַג „איסאָגיס״ און מיר אָנגעוויזן אויף די פֿאָטאָס, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן דורך מיין שוואָגער, דעם פֿאָטאָ־רעפּאָרטער דוד סימור־שים (שימין), מיט וועמען ערענבורג איז אָפֿט צוזאַמען אַרומגעפֿאָרן איבער די פֿראָנטן.

ערענבורג האָט מיך אויסגעפֿרעגט וועגן די אומשטענדן פֿון שימ׳ס טראַגישן טויט בעת דער סועץ־קאַמפּאַניע אין יאָר 1956 און דערביי געמאַכט די פּעסימיסטישע באַמערקונג, אַז ישראל וועט אייביק פֿירן מלחמה מיט די אַראַבער. אויף מיין פֿראַגע, צי עס לאָקט אים נישט צו באַזוכן מדינת ישראל, האָט ער געענטפֿערט:

„איך היט זיך פֿאַר נייע איבערלעבונגען. איך בין שוין אַן אַלטער איד — האָט ער אַקצענטירט דאָס וואָרט „איד״ — און מיין גאַנצע שרייבערישע ענערגיע קאָנצענטריר איך אויף מיינע מעמואַרן. איך אַר־בעט איצט אויפֿן זעקסטן באַנד, וואָס איך גלויב קוים, צי איך וועל באַוויזן צו פֿאַרענדיקן״.

„קאָווע וועלן מיר טרינקען אין דער סטודיאָ״ — האָט ערענבורג

געזאָגט און אויפשטעלנדיק זיך פון טיש מיר אָנגעוויזן אין דער ריכ־טונג פון זיין אַרבעטס־צימער. איך האָב דאָס אָנגענומען ווי אַ רמז, אַז ער וויל נישט האָבן קיין עדות צום וויטערדיקן געשפּרעך. פרוי ערענבורג האָט זיך מיט מיר געזעגנט און געפרעגט, צי איך האָב זיך שוין געטראָפן מיט אסתר מאַרקיש, די פרוי פון דעם אומגעבראַכטן פּרץ מאַרקיש.

„איר דאַרפט זי זען, זי איז אַ מוטיקע פרוי און האָט צוויי וואונדער־לעכע זין״ — האָט מאַדאַם ערענבורג באַמערקט. ווען איך האָב גע־ענטפערט, אַז איך האָב זיך שוין אָפּגעשמועסט צו טרעפן מיט אסתר מאַרקיש, האָט פרוי ערענבורג צוגעגעבן: „זי איז אונזערע אַ שכנטע, אויך זי וואוינט אויף גאָרקי־גאַס״.

איך האָב נישט געהאַט דעם מינדסטן ספק, אַז דער וואונטש פון פרוי ערענבורג, אַז איך זאָל זיך טרעפן מיט אסתר מאַרקיש, האָט געהאַט אַ צוזאַמענהאַנג מיט די קלאַנגען, וואָס זיינען אין דער אידישער וועלט פאַרשפּרייט געוואָרן וועגן דעם, אַז איליאַ ערענבורג זאָל כלומרשט האָבן עדות־געזאָגט קעגן די אידיש־סאָוועטישע שרייבער און אַזוי אַרום געהאַט אַ האַנט אין זייער טראַגישן סוף.

די פריינטשאַפט צווישן די ערענבורגס און דער משפחה מאַרקיש, וואָס האָט אָנגעהאַלטן דורך דעם סאַמע־פינסטערסטן פּעריאָד פון סטאַ־לין־טעראָר, ווען מאַרקיש איז געזעסן אין תפיסה, און איז אויך נישט איבערגעריסן געוואָרן נאָך מאַרקישעס אומקום, איז געווען פאַר מיר איינע פון די גרעסטע אַנטפּלעקונגען בעת מיין באַזוך אין מאָסקווע.

דער מאַסן־מאָרד איבער די אידישע שרייבער און קינסטלער און די פאַרניכטונג פון די אידישע קולטור־אינסטיטוציעס איז כסדר אויפּ־געשוואומען אין מיינע געשפּרעכן מיט איליאַ ערענבורג. ער איז געזעסן פאַרזונקען אין אַ טיפן פאָטעל הינטער זיין גרויסן שרייב־טיש, וואָס איז פאַרלייגט געווען מיט ביכער און פּאַפּירן. עס זיינען דאָרט געשטאַנען צעראַמיק־סטאַטועטקעס פון פּיקאַסאָ און אויף אַ הילצערנער טאַץ איז

געלעגן אַ קאָלעקציע פון פייקעס. ערענבורג האָט אָבער געדויכערט אַ ציגאַר.

ווי אין אַ טראַנס האָט ערענבורג גערעדט וועגן דעם פעריאָד פון סטאַלין־טעראָר. נישט אַלץ, וואָס ער האָט דערציילט, איז פאַר מיר געווען ניי. פאַרשידענע עפּיזאָדן האָב איך שוין געקענט פון זיינע מעמור־אַרן און די דערקלערונגען, וואָס ערענבורג האָט אָפט געמאַכט ווי אַן ענטפער אויף די פאַרשידענע אָנקלאַגעס וועגן זיין מיט־פאַראַנטוואָרט־לעכקייט פאַר דער ליקווידאַציע פון דער אידישער קולטור אין סאָוועט־רוסלאַנד.

אַזוי למשל האָט ער מיר דערציילט, אַז ער האָט כסדר געהאַט גרייט אַ וואַליזקעלע מיט נויטיקע זאַכן, ווייל ער האָט יעדע נאַכט געוואַרט, אַז מען זאָל אים קומען נעמען. ענדלעך האָט ער באַשלאָסן צו שרייבן אַ בריוו צו סטאַלינען, אין וועלכן ער האָט פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל מאַכן אַ סוף צו „דעם מצב פון טעראָר", אין וועלכן ער לעבט כסדר.

„איך האָב אָנגעשריבן דעם בריוו — האָט ערענבורג דערציילט — און אים אַריינגעוואָרפן אין דעם קעסטל פאַר 'בקשות און אָנקלאַגעס', וואָס געפינט זיך ביים אַריינגאַנג צום קרעמל. צומאָרגנס האָט מאַלענ־קאָוו טעלעפאָנירט און מיך פאַרזיכערט, אַז מיין שרעק איז פולשטענדיק גרונטלאָז".

ערענבורג האָט מיר אויך דערציילט, אַז מאַקסים ליטווינאָוו איז במשך פון יאָרן געשלאָפן מיט אַ רעוואָלווער אונטערן קישן, גרייט זיך צו נעמען דאָס לעבן, אויב מען וועט אים קומען אַרעסטירן.

די אַלע פאַקטן זיינען נישט געווען קיין רעוועלאַציעס. עס איז אָבער פאַר מיר געווען אַן איבערלעבונג צו הערן ערענבורגן רעדן וועגן דעם אין מאָסקווע, אין זיין אַרבעטס־צימער, אַזוי נאָענט פון רויטן פלאַץ און דעם קרעמל.

אין זיין לענגערן מאָנאָלאָג האָט אָבער ערענבורג פון צייט צו צייט געמאַכט אַ באַמערקונג, וואָס האָט געוואָרפן אַ בליציקן שיין אויפן

פינסטערן קנויל פון די סטאַליניסטישע אינטריגעס און פאַרברעכנס.

„דריט־ראַנגיקע זשורנאַליסטישע שמירער, וועלכע האָבן געמאַכט אַ קאַריערע פון העצן קעגן מיר — האָט ערענבורג צאָרנדיק אויסגערופן און זיינע הענט האָבן באַזונדערס שטאַרק געטומען ציטערן — הערן נישט אויף צו פרעגן, פאַרוואָס איך בין געבליבן לעבן. די דאָזיקע פאַר־שוינען ווייסן כלומרשט אַלץ, וואָס איז פאָרגעקומען הינטער די טויערן פון קרעמל אין די צייטן פון סטאַלין און בעריאַ. איך אָבער, וועלכער וואוין אַזוי נאָענט פון קרעמל — האָט ערענבורג מיטן פינגער אָנגע־וויזן צום פענסטער — ווייס נאָך ביז היינט צו טאָג נישט, פאַרוואָס סטאַלין האָט אומגעבראַכט די שרייבער, וועלכע האָבן אים אַזוי טריי געדינט און ענדלאָז גע׳חנפ׳עט. איך וועל אייך אָנרופן איינעם, וועמען איר האָט גוט געקענט. דאָס איז מיכאַאיל קאָלצאָוו. ער האָט געטאָן אַלץ, וואָס סטאַלין האָט פון אים פאַרלאַנגט, באַזונדערס אין די יאָרן פון שפּאַנישן בירגער־קריג. ער איז אָבער דערשאָסן געוואָרן, ווי נאָר ער איז צוריקגעקומען פון שפּאַניע״.

איך בין געבליבן זיצן געפּלעפט. ערענבורגס באַמערקונג וועגן מיכאַאיל קאָלצאָוו איז פאַר מיר געווען ממש אַ דערשיטערונג, ווייל איך האָב געהאַט גאָר אַן אַנדער בילד וועגן מיכאַאיל קאָלצאָוו, מיט וועלכן איך האָב זיך געטראָפן זייער אָפט אין שפּאַניע. קאָלצאָוו, וועלכער איז דאַן געווען דער הויפּט־קאָרעספּאָנדענט פון דער „פּראַוודאַ״, האָט ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן פאַר מיר געמאַכט אָנצוהערענישן וועגן ערענ־בורגס באַגעגענישן מיט אַנאַרכיסטישע און טראָצקיסטישע שרייבער, וואָס איך האָב דאַן אויפגענומען ווי אַ רמז פון קאָלצאָווס פאַרדאַכט וועגן די כוונות פון די דאָזיקע באַגעגענישן.

„און פעפער? — האָט ערענבורג פאַרגעזעצט — איז ער נישט געווען פויפסטלעכער פון פויפסט ביים ליבן און באַזינגען סטאַלינען?״

מיטאַמאָל האָט ערענבורג אַרויסגעצויגן פון אַ הויפן פרישע ביכער אַ באַנד מיט אַ ווייס־בלויער הילע און אַ גרויסן איבערשריפט: „מיר־

כאַעלס״. דאָס איז געווען דאָס פּריש־דערשינענע זאַמלבוך, געווידמעט דעם לעבן און טראַגישן טויט פון שלמה מיכאָעלס, וועלכער איז דעם 15טן יאַנואַר, 1948, געשיקט געוואָרן קיין מינסק אין אַן אָפיציעלער טעאַטער־מיסיע, און אַ לאַסט־וואָגן פון דער ״ענקאַוועדע״ איז אויף אים אַרויפגעפאָרן, ווי נאָר ער איז אַהין אָנגעקומען.

איך האָב געבלעטערט דאָס רייך־אילוסטרירטע בוך, אין וועלכן עס שפּיגלט זיך אָפּ די טעאַטראַלע קאַריערע פון ש. מיכאָעלס. ווען איך בין געקומען צו דער טויטן־מאַסקע, וואָס איז געצייכנט געוואָרן דורך דעם באַוואוסטן אידיש־סאָוועטישן מאָלער אַלעקסאַנדער טישלער, האָט ערענבורג סאַרקאַסטיש באַמערקט:

״מיין פריינט טישלער האָט מיר דערציילט, אַז מען האָט אים נישט געלאָזט צייכענען די טויטן־מאַסקע, ביז וואַנען דער צעקאַלעטשעטער קאָפּ פון שלמה מיכאָעלס איז נישט געוואָרן ווי געהעריק פאַרגרימירט. דעם פולן אמת וועגן דעם דאָזיקן מאָרד ווייסט מען נאָך אַלץ נישט. מען רעדט וועגן דעם מיט פאַרשטעלטע ווערטער. איך האָב אָבער אין מיינע מעמואָרן דער ערשטער אָפן געזאָגט, אַז ער איז געוואָרן דער־מאָרדעט״.

״נאָך דעם טראַגישן טויט פון שלמה מיכאָעלס — האָט ערענבורג פאַרגעזעצט — זיינען אַרעסטירט געוואָרן אַ ריי אידישע שרייבער און עס האָט זיך אָנגעהויבן דער פּראָצעס פון פאַרטושן די שפּורן פון דער אידישער מאַרטיראָלאָגיע און העלדישקייט אין די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה״.

ווי אַ ביישפּיל האָט ערענבורג ציטירט דעם פאַקט וועגן פאַרניכטן דאָס ״שוואַרצע בוך״ — אַ זאַמלונג פון דאָקומענטן וועגן אידישן אומקום און ווידערשטאַנד בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, וואָס ער האָט געהאָט צונויפגעשטעלט, צוזאַמען מיט וואַסילי גראָסמאַן. ערענבורג האָט מיר געגעבן דעם טעקסט פון זיין הקדמה צו דער רוסישער אויסגאַבע פון דעם טאָגבוך וועגן ווילנער געטאָ פון מאַשאַ ראָלניק (ראָלניקאַיטיס),

וואָס איז דערשינען אויך אויף ליטוויש און אידיש. אין דער הקדמה דערציילט ערענבורג וועגן דעם פאַל מיט דעם „שוואַרצן בוך״:

„ביים שליסן דעם אַנטי־פאַשיסטישן קאָמיטעט האָט מען פאַרניכ־טעט דעם זאַץ פון בוך, צוזאַמען מיט די ערשטע, שוין־אָפּגעדרוקטע בויגנס. צום גליק האָבן זיך ביי מיר אויפגעהיט פיל פון די אָריגינעלע דאָקומענטן. איצט גרייט מען זיך אַרויסצוגעבן דאָס ׳שוואַרצע בוך׳. איך דענק, אַז דאָס וועט אויפרודערן דאָס געוויסן פון די לייענער, וועלכע האָבן שוין געגומען פאַרגעסן די שרעקלעכע יאָרן פון פאַשיזם. אין דעם בוך איז נישטאָ קיין קונסט, קיין אויסטראַכטענישן. דאָס זיינען שטיקלעך פאַפּיר, אויף וועלכע עס איז פאַרשריבן געוואָרן דער אמת״.

איך האָב געזאָגט ערענבורגן, אַז איך האָב זיך אומזיסט באַמיט צו באַקומען דעם נומער פון „נאָווי מיר״, אין וועלכן עס איז אָפּגעדרוקט געוועזן זיין קאַפּיטל זכרונות וועגן דעם אומקום פון די אידישע שרייבער און קינסטלער.

„יאָ, איך ווייס — האָט ערענבורג געענטפערט — דער נומער איז געוואָרן אויספאַרקויפט אין טאָג, ווען דער זשורנאַל האָט זיך באַוויזן אין די קיאָסקן. איך האָב בלויז איין עקזעמפּליאַר, און קען אים אייך נישט אַוועקגעבן. איך וועל אָבער לאָזן פאַר אייך איבערשרייבן דאָס קאַפּיטל״.

ווען די סעקרעטאַרשע האָט אַריינגעבראַכט דאָס וועגעלע מיט קאַווע, האָט ערענבורג איר דערלאַנגט דעם נומער „נאָווי מיר״ פון פעברואַר 1965 און זי געבעטן פאַר מיר איבערצושרייבן דאָס קאַפּיטל נומ. 15, וואָס פאַרנעמט 17 לאַנגע מאַשין־זייטן.

„אין דעם קאַפּיטל — האָט ערענבורג געזאָגט — האָב איך קוים אָנגערירט דעם טראַגישן ענין פון מיכאָעלס, מאַרקיש, בערגעלסאָן, פעפער און די אַנדערע אידישע שרייבער. אַלע פּרטים זיינען מיר נישט באַקאַנט. פאַראַן פאַרשידענע ווערסיעס. איך האָב אָבער ביי אונז אין לאַנד דער ערשטער איבערגעריסן דאָס שווייגן וועגן דער מורא׳דיקער

טראַגעדיע. די איינציקע פּערזאָן, וואָס וואָלט געקענט דערציילן וועגן דעם איז פּראָפעסאָר לינאַ שטערן, וועלכע איז אַרעסטירט געוואָרן צוזאַמען מיט די אידישע שרייבער. זי איז אָבער אַלט, קראַנק און לאָזט קיינעם נישט צו צו זיך״ *).

אין אַט־דעם מאָמענט, ווען איך האָב מיט שפּאַנונג דערוואַרט, אַז ערענבורג זאָל ווייטער ציען דעם פאָדים פון די דאָזיקע דערינערונגען, איז מיט איילנדיקע טריט אַריינגעקומען די סעקרעטאַרין און אין א טאָן פון געשפּאַנטקייט געזאָגט: „איליאַ גריגאָריעוויטש, דער רעדאַק־טאָר פון דער ׳איזוועסטיאַ׳ איז אויפן טעלעפאָן. ער פרעגט, צי איר וואָלט אָנגעשריבן אַן אַרטיקל צום טויט פון ד״ר אַלבערט שווייצער״.

ערענבורג האָט פאַר אַ ווײַלע זיך פאַרטראַכט און דאַן אַ מאַך־געטאָן מיט דער האַנט: „זאָגט אים, אַז איך בין נישט אינטערעסירט״.

איך בין געווען איבעראַשט, וואָס ער האָט זיך אַפילו נישט מטריח־געווען אַליין צו רעדן מיט דעם מעכטיקן רעדאַקטאָר פון דער „איז־וועסטיאַ״, נאָר אים אָפּגעפּטר׳ט דורך דער סעקרעטאַרין. אויפן געדאַנק איז מיר געקומען דער עפּיזאָד פון איגנאָרירן דעם רעדאַקטאָר פון דער „איזוועסטיאַ״ דורך ערענבורג׳ס פריינט, פּאַבלאָ פּיקאַסאָ.

דאָס איז געווען אין זומער פון יאָר 1964, ווען דער דעמאָלטיקער רעדאַקטאָר פון דער „איזוועסטיאַ״, אַלעקסעי אַדזשובעי, דער איידעם פון ניקיטאַ כרושטשאָוו, האָט בעת אַ טריאומף־נסיעה איבער פראַנקרייך אומזיסט זיך באַמיט צו ווערן אויפגענומען דורך פּיקאַסאָ. ווען איך האָב דערמאָנט וועגן דעם דאָזיקן אינצידענט, האָט ערענבורג באַמערקט, אַז עס וואָלט פאַר אים געווען די גרעסטע אַנטוישונג, ווען פּיקאַסאָ וואָלט אים יאָ געווען אויפגענומען. דאַן האָט ער מיט אַ שמייכל באַמערקט: „קורץ נאָך דעם איז כרושטשאָוו געפאַלן...״

אין דער אַטמאָספער פון אָפנהאַרציקייט, וואָס האָט זיך איינגע־

*) לינאַ שטערן איז געשטאָרבן אין מאָסקווע, דעם 8טן מערץ 1968, אין עלטער פון 89 יאָר.

שטעלט צווישן אונז בעת דעם לאַנגן שמועס, האָב איך ערענבורגן געזאָגט, אַז ווען איך וואָלט נישט געווען דערבײַ, וואָלט מיר שווער געווען צו גלויבן, אַז ער איז נישט צוגעגאַנגען צום טעלעפאָן... איך האָב אָבער נישט באַוויזן צו פאַרענדיקן דעם זאַץ, ווען ערענבורג האָט אויסגערופן:

„איר, אין דער מערב־וועלט, באַזונדערס אין אַמעריקע, האָט אַ פאַלשן באַגריף וועגן אונזערע שרייבער. איך מיין די אמת׳ע שרייבער, וועלכע געהערן נישט צום אַפּאַראַט. זייער צאָל איז גאָר גרויס און זיי זיינען די, וועמענס ביכער עס ווערן פאַרקויפט. די דאָזיקע שרייבער האָבן טאַקע נישט קיין מעגלעכקייט צו פאַרעפנטלעכן אַלץ, וואָס זיי שרייבן, אָבער זיי רעדן אָפן. די מאַכט איז איין זאַך און די שרייבער — אַ צווייטע.

„אין דער לעצטער פאַזע פון זיין רעזשים — האָט ערענבורג פאַר־געזעצט — האָט כרושטשאָוו געמאַכט אַ פּרואוו זיך צו דערנענטערן צו שרייבער. ער האָט אויך געוואָלט זיך איבערבעטן מיט מיר, נאָך מיין ענטפער אויף זיינע אומזיניקע דערקלערונגען וועגן קונסט און ליטע־ראַטור. איך האָב אָבער נישט רעאַגירט אויף די אומדירעקטע ווענ־דונגען, וואָס ער האָט געמאַכט צו מיר”.

איז אָט־די געמילדערטע ליניע פון ניקיטאַ כרושטשאָוו, ערב זיין פּלוצימדיקער דעגראַדאַציע, אויך געווען אַן אָנזאָג וועגן דער ענדערונג לגבי דער אידישער קולטור? וועגן דעם האָט ערענבורג אויסגעדריקט ספקות. בכלל איז ער געווען פּעסימיסטיש וועגן דער צוקונפט פון דער אידישער שפּראַך און אידישער קולטור אין סאָוועט־רוסלאַנד, אַפילו ווען די אָפיציעלע שטעלונג וואָלט זיך געענדערט.

„סטאַלין האָט אָפּגעשניטן די קעפּ פון דער אידישער ליטעראַטור: מאַרקיש, בערגעלסאָן, קוויטקאָ, פעפער — האָט ערענבורג געזאָגט — און היטלער האָט אויסגעמאָרדעט די גרויסע מאַסן אידיש־לייענער. אין די שטעט, וואו אַמאָל האָבן אידן מיט זיך פאַרגעשטעלט די מערהייט

פון דער באַפעלקערונג. באַזונדערס אין דער אוקראַינע און ווייס־רוסלאַנד, זיינען איצט מער נישטאָ קיין אידן. אין גאַמעל זיינען בכלל נישט געבליבן קיין אידן, אין וויטעבסק — זייער ווייניק; דאָס זעלבע איז אין דווינסק און באָברויסק. ווען מען זאָל אַפילו עפענען אידישע שולן אין מאָסקווע, קיעוו אָדער אין די נייע צענטערן, וואו עס לעבן גרויסע מאַסן אידן, גלויב איך קוים, צי די עלטערן וואָלטן געשיקט אַהין זייערע קינדער״.

עס איז מערקווירדיק, אַז ביים אויסרעכענען די אָפּגעמעקטע אידישע ישובים אין סאָוועטן־פאַרבאַנד האָט ערענבורג אַנגעהויבן מיט גאָמעל — די היים־שטאָט פון דעם העלד פון זיין איינציקן ראָמאַן מיט אַ אידישן אינהאַלט: „דאָס שטורמישע לעבן פון לאַזיק רויטשוואַניעץ״.

„עס זיינען נאָך פאַראַן צענדליקער טויזנטער אידן אין רוסלאַנד, וועלכע רעדן אידיש — האָט ערענבורג פאַרגעזעצט — אָבער זיי קענען שוין אויך רוסיש און לייענען רוסיש. די אויסגאַבע פון שלום־עליכמ׳ס ווערק אין אידיש איז געבליבן ליגן, אָבער די רוסישע איבערזעצונג איז געוואָרן אויספאַרקויפט״.

פלוצים האָט ערענבורג גענומען רעדן וועגן דעם, ווי אַזוי זיינע דערקלערונגען אין אויסלאַנד זיינען געוואָרן ביי־זווייליק פאַרקריפּלט און אין פיל פאַלן האָט מען אים צוגעשריבן זאַכן, וואָס ער האָט קיינמאָל נישט געזאָגט:

„זינט יאָרן צירקולירט איבער דער וועלט אַ געשיכטע, אַז בעת מיינס אַ באַזוך אין אַרגענטינע האָב איך דערקלערט, אַז איך האָב קיינמאָל ניט געקענט מאַרקישן און די אַנדערע דערמאָרדעטע אידישע שרייבער. דאָס איז פולשטענדיק אויסגעטראַכט״.

אין דעם מאָמענט איז אין צימער אַריינגעקומען מאַדאַם ערענבורג, וועלכע האָט אים דערמאָנט, אַז ער האָט אַ באַגעגעניש אין שטאָט. ערענבורג האָט אָבער ווייטער פאַרגעזעצט דעם שמועס און געזאָגט:

„איך האָב אין אַרגענטינע נישט געגעבן קיין שום אינטערוויוען וועגן דער טראַגעדיע מיט די אידישע שרייבער“.

דאָ האָט זיך אַריינגעמישט מאַדאַם ערענבורג, וועלכע איז מיט אים געווען אין אַרגענטינע: „אויפן לופט־פעלד האָבן די זשורנאַליסטן אונז באַוואַרפן מיט פאַרשידענע פראַגן, אָבער מיין מאַן האָט זיך אָפּגעזאָגט צו ענטפערן“.

„איך האָב בלויז געזאָגט איין זאַך — האָט ערענבורג אונטערגעשטראָכן — אַז איך מאַך נישט קיין דערקלערונגען פאַר מענטשן, וועלכע איך קען נישט. דערפון איז געוואָרן, אַז איך האָב נישט געקענט פּרץ מאַרקיש“.

ווען איך האָב זיך געזעגנט מיט די ערענבורגס, האָב איך זיך געכאַפּט, אַז דער שמועס האָט געדויערט העכער דריי שעה.

III

## „פאַרוואָס ביזטו געבליבן לעבן ?"

צוריקקומענדיק אין האָטעל אַריין האָב איך, אונטערן פרישן איינ־דרוק, דערגענצט מיינע פאַרצייכענונגען פון דעם שמועס, אין וועלכן עס זיינען זיגזאַגיש אויפגעשוואומען אַזויפיל געשעענישן פון די פאַר־שידנסטע צייטן. פון דעם אַלעם האָט זיך אָבער באַזונדערס אויסגעשיילט די דראַמע פון איליאַ ערענבורג, ווען מען האָט נישט אויפגעהערט צו וואַרפן אין פנים אַריין די פראַגע: „פאַרוואָס ביסטו געבליבן לעבן!"

ערענבורגס צאָרנדיקע ענטפערס צו זיינע פאַרלוימדער זיינען אין די פאַרשידנסטע ניואַנסן מיר שוין געווען באַקאַנט. דאָך, נאָך דעם געשפּרעך פנים־אל־פנים זיינען ביי מיר אַוועקגעפאַלן פיל פון די ספקות וועגן דער אויפריכטיקייט פון ערענבורגס ענטפערס.

פון דעם ליקווידירטן אידישן אַנטי־פאַשיסטישן קאָמיטעט זיינען בלויז צוויי מיטגלידער נישט געוואָרן אַרעסטירט: דוד זאַסלאַווסקי, אַ געוועזענער בונדיסט און איינער פון די וויכטיקסטע פובליציסטן פון דער „פּראַוודאַ", און איליאַ ערענבורג. דער פאַרדאַכט וועגן מיטשולד אין דער ליקווידאַציע פון דעם אַנטי־פאַשיסטישן קאָמיטעט און בכלל פון די אידישע אינסטיטוציעס איז אָבער געוואָרפן געוואָרן אויסשליס־

לעך אויף איליאַ ערענבורג; און דאָס, אין אַ גרויסער מאָס, צוליב זיין אַרטיקל, מיט דעם מאָדנעם נאָמען: „צוליב אַ געווויסן בריוו“, וואָס איז דעם 21טן סעפּטעמבער 1948 דערשינען אין דער „פּראַוודאַ“.

בעת מיין צווייטן באַזוך ביי ערענבורגן עטלעכע טעג שפּעטער האָב איך אים געזאָגט, אַז זיין „פּראַוודאַ“־אַרטיקל ווערט אין דער עפנט־לעכקייט כסדר דערמאָנט מיט גרויס ביטערניש, ווי אַ באַווייז, אַז ער האָט געשטיצט די סטאַליניסטישע ליניע פון ליקווידירן די אידישע קולטור.

„איך ווייס — האָט ערענבורג געזאָגט — אָבער דאָס זיינען בייז־ווילִיקע אינטערפּרעטאַציעס. דאָס אַרטיקל האָט געהאַט צו טאָן אויס־שליסלעך מיט דער העץ־קאַמפּאַניע קעגן די אַזוי־גערופענע ‚קאָסמאָ־פּאָליטן‘, וואָס איז דאַן געווען אַ נייע פאָרם פון סאָוועטישן אַנטי־סעמיטיזם“.

עטלעכע אויסצוגן פון דעם אַרטיקל ברענגט ערענבורג אין זעקסטן באַנד פון זיינע מעמואַרן, אין דעם קאַפּיטל וועגן שלמה מיכאָעלס, וואָס הויבט זיך אָן מיט די ווערטער:

„די חדשים, וועגן וועלכע עס קומט מיר איצט אויס צו שרייבן, זיינען אפשר געווען די שווערסטע אין מיין לעבן, און איך האָב אויף אַ לאַנגער צייט איבערגעריסן די אַרבעט: נישט געקאָנט זיך אַנטשליסן אָנצוהויבן דאָס דאָזיקע קאַפּיטל“.

ערענבורג רעדט מיט גרויס פאַרערונג וועגן דער פּערזענלעכקייט פון שלמה מיכאָעלס, זיינע גרויסע קינסטלערישע אויפטוען און דער ראָל, וואָס ער האָט אין די מלחמה־יאָרן געשפּילט אין אידישן אַנטי־פאַשיסטישן קאָמיטעט, און ער שטרייכט אונטער: „נאָכן נצחון האָבן זיך טויזנטער מענטשן געווענדט מיט בקשות צו מיכאָעלסן. אין זייערע אויגן איז ער געוואָרן אַ מין קלוגער רבי, אַ פאַרטיידיקער פון די געקריוודעטע. און אָט האָט מען מיכאָעלסן דער׳הרג׳עט...“

ערענבורג שילדערט דאָן די לוויה פון מיכאָעלסן און די טרויער־אַקאַדעמיע:

„איך בין געווען ביי דער לוויה פון סאָלאָמאָן מיכאָעלס אין דער געביידע פון זיין טעאַטער. דאָס צעקריפּלטע פּנים איז געווען פאַרגריימירט, מען האָט געהאַלטן רעדעס. איך געדענק די אַרויסטרעטונג פון פּאַדעיעוון. אויף דער גאַס איז געשטאַנען אַן עולם. אַ סך מענטשן האָבן געוויינט. דעם 24טן מאַי איז פאָרגעקומען אַן אָוונט, געווידמעט דעם אָנדענק פון מיכאָעלסן. איך בין אַרויסגעטראָטן מיט אַ רעדע. כ׳געדענק ניט, וואָס כ׳האָב געזאָגט. ס׳איז געווען זייער ביטער. נאָר איך האָב נאָך דאָן גאָרניט פאַראויסגעזען״.

דערפון גייט ערענבורג אַריבער צו דעם אַרטיקל אין דער „פּראַוודאַ״ און ער ברענגט עטלעכע אויסצוגן „וועגן דער אידישער פראַגע, וועגן פּאַלעסטינע און אַנטיסעמיטיזם״. וואָס שייך ערענבורגס אַנאַליז וועגן אַנטיסעמיטיזם איז דאָס גיכער אַ משכילישער, ווי אַ מאַרקסיסטישער אַנאַליז, און יעדער וועלטלעכער איד קען זיך אונטערשרייבן אונטער זיין אויספיר:

„דאָס געטאָ איז דערפונדן געוואָרן נישט דורך אידישע מיסטיקער, נאָר דורך קאַטוילישע פאַנאַטיקער... אַזוי שנעל אָבער, ווי מען האָט פאַנאַנדערגעעפנט די טויערן פון געטאָ, אַזוי גיך ווי עס האָט זיך אַ ריר־געטאָן דער נעפּל פון דער מיטלאַלטערלעכער נאַכט, זיינען אידן פון פאַרשידענע לענדער אַריין אין אַלגעמיינעם לעבן פון לאַנד״.

ערענבורג קלערט דאַן אויף, אַז אויב אידן האָבן אויסגעוואַנדערט פון זייערע היים־לענדער, איז דאָס נישט געווען דערפאַר, ווייל זיי האָבן די דאָזיקע לענדער נישט ליב געהאַט, נאָר דערפאַר, ווייל זיי זיינען דאָרט געוואָרן גע׳רודפ׳ט און זיי האָבן געזוכט אַ היים אין לענדער, וואו זיי האָבן געקענט געניסן פון פרייהייט און מענטשן־רעכט, ענלעך ווי דאָס האָבן געטאָן אַלע אַנדערע אונטעריאָכטע פעלקער.

דער סאַמע־ערשטער פאַראַגראַף פון דעם אויסצוג איז אומדירעקט

אַן ענטפער אויף די העצערייען וועגן די „קאָסמאָפּאָליטן". ערענבורג דערמאָנט נישט דעם דאָזיקן אויסדרוק, אָבער דאָס דרינגט אַרויס פון דעם ענטפער צו די „אָבסקוראַנטן" אין פאַרשידענע צייטן:

„די אָבסקוראַנטן האָבן געזאָגט, אַז די אידן פירן אַן אָפּגעזונדערט לעבן, נישט טיילנדיק די פרײדן און לײדן פון די פעלקער צווישן וועלכע זיי לעבן. די אָבסקוראַנטן האָבן גע'טענה'ט, אַז אידן זיינען מענטשן, וואָס האָבן נישט קיין געפיל פאַר קיין הײמלאַנד; אַז זיי זיינען אײביקע וואַנדערער. די אָבסקוראַנטן האָבן געשוואוירן, אַז אידן פון פאַרשידענע לענדער זיינען צווישן זיך פאַראייניקט דורך עפּעס אַזעלכע געהיימע פאַרבינדונגען".

ערענבורג שליידערט צוריק די דאָזיקע אָנקלאַגע און קומט אַרויס מיט זיין אַסימילאַטאָרישער טעאָריע, אַז די איינציקע זאַך, וואָס פאַר־בינדט אידן אומעטום אין דער וועלט, איז בלויז זייער קאַמף קעגן אַנטי־סעמיטיזם און דאָס פאַרטיידיקן זיך קעגן פאַרפאָלגונגען.

„ס'איז פאַראַן ווייניק בשותפות'דיקס צווישן אַ איד פון טוניס און אַ איד, וועלכער לעבט אין שיקאַגאָ און רעדט און טראַכט אַמעריקאַניש. אויב צווישן זיי איז ווירקלעך פאַראַן אַ פאַרבינדונג, איז עס ווייט נישט קיין מיסטישע, נאָר אַ פּראָדוקט פון אַנטיסעמיטיזם... די חיה'שקייטן פון די דייטשע פאַשיסטן, די פאַרניכטונג פון דער אידישער באַפעלקע־רונג, די ראַסן־פּראָפּאַגאַנדע און דערנאָך די קאַלך־אויוונס פון מאַידאַ־נעק — דאָס האָט צווישן אידן אין פאַרשידענע לענדער אַרויסגערופן אַ געפיל פון טיפער פאַרבינדונג, דאָס איז די סאָלידאַריטעט פון באַ־ליידיקטע און דערצאָרנטע..."

גלייך נאָכדעם קומט אַן אויסצוג וועגן ציוניזם און פּאַלעסטינע, אין וועלכן ערענבורג חזר'ט איבער די מאַטעריאַליסטישע טעזע, אַז נישט דער ציוניזם האָט געבראַכט די אידן קיין פּאַלעסטינע, נאָר די פאַרפאָלגונגען אין די לענדער, וואו די אידן האָבן געוואוינט:

„באַזעצט פּאַלעסטינע מיט אידן האָבן יענע אידעאָלאָגן פון מענטשן־

האָס, יענע פּרעדיקער פון ראַסיזם, יענע אַנטיסעמיטן, וואָס האָבן אַרויס־געטריבן די אידן פון די איינגעזעסענע ערטער און האָבן זיי געצוואונגען צו זוכן ניט קיין גליק, נאָר רעכט אויף מענטשלעכער ווערדע — ערגעץ אין די ווייטסטע מקומות״...

צום סוף פון דעם אויסצוג זאָגט ערענבורג, אַז אין זיין אַרטיקל אין דער „פּראַוודאַ״ האָט ער געבראַכט מיינונגען פון גאָרקי און לענין וועגן אַנטיסעמיטיזם און אויך אַ ציטאַטע פון סטאַלינען: „אַנטיסעמי־טיזם, ווי אַן עקסטרעמע פאָרם פון ראַסן־שאָוויניזם, איז די סאַמע־געפערלעכסטע איבערבלייבעניש פון קאַניבאַליזם״.

ווען איך האָב איבערגעלייענט די אויסצוגן פון דעם „פּראַוודאַ״־אַרטיקל אין דעם קאַפּיטל פון ערענבורגס מעמואַרן, וואָס ער האָט געלאָזט פאַר מיר ספּעציעל איבערשרייבן, איז מיין ערשטער רעפלעקס געווען, צי דאָס איז נישט אַמאָל אַ טענדענציעזער אָפּקלייב פון די ציטאַטן.

איך האָב זיך דעריבער פאַרשאַפט אַ פאָטאָסטאַטישע קאָפּיע פון דעם „פּראַוודאַ״־אַרטיקל פון 21טן סעפּטעמבער, 1948, און צו מיין גרויסער איבעראַשונג דאָרט נישט געפונען קיין שום רמז, וואָס זאָל האָבן באַרעכטיקט די אינטערפּרעטאַציע, אַז דאָס דאָזיקע אַרטיקל איז געווען „דער סיגנאַל פאַר דער ליקווידאַציע פון דער אידישער קולטור״.

אַזעלכע אינטערפּרעטאַציעס זיינען געמאַכט געוואָרן נישט בלויז אין איילִיקע צייטונגס־אַרטיקלען, פול מיט פאַרקריפּלונגען, נאָר אַפילו אין דער ערנסטער שטודיע פון אַלעקסאַנדער פּאָמעראַנץ: „די סאָוועטישע הרוגי מלכות״ (איוואָ, בוענאָס איירעס, 1962). אין זיין אַנאַליז וועגן דער פאַרניכטונג פון די אידישע קולטור־אינסטיטוציעס אין סאָוועט־רוסלאַנד זאָגט פּאָמעראַנץ: „מיר ווייסן איצט, אַז ערענבורגס טרויעריק־באַרימטער בריוו־אַרטיקל פון יאָר 1948 האָט סיגנאַליזירט די ליקווידאַציע פון דער אידישער קולטור״. עטלעכע זייטלעך שפּעטער קומט גאָר פּאָמעראַנץ אַרויס מיט דער באַהויפּטונג:

„די ליקווידאַציע האָט זיך פּאַקטיש אָנגעהויבן אין די דרייסיקער יאָרן; באַזונדערס זינט 1936, ווען עס איז צוגעמאַכט געוואָרן דער וויסנשאַפטלעך־פאָרשערישער אינסטיטוט פאַר אידישער קולטור אין קיעוו און עס זיינען אַרעסטירט געוואָרן זיינע פירער און פּראָפעסאָרן, ווי: מאַקס עריק, מיכל לעוויטאַן, ג. גאָראָכאָוו א. אַ. אין די וויטערדיקע יאָרן ביז דער מלחמה האָט מען אַרעסטירט, פאַרשיקט, פאַרפייניקט אָדער דערשאָסן: איזי כאַריק, ח. דוניעץ, משה ליטוואַקאָוו, פּ. שפּראַך, זיסקינד ליעוו, פּראָפ. יאַשאַ בראָנשטיין, ד״ר ישראל ציגבערג, משה קולבאַק, זעליק אַקסעלראָד, פּראָפ. י. ליבערבערג, כאַווקין, קאָטעל, ברוך הובערמאַן, יאַנקל לעווין, מערעזשין, דימאַנטשטיין, אסתר פרומקין, רחמיאל וויינשטיין, צבי פרידלאַנד, זלמן רייזען, טשערניכאָוו (דניאלי) און הונדערטער אַנדערע״.

אין דעם זעלבן בוך פון אַלעקסאַנדער פּאָמעראַנץ איז פאַראַן אַ קאַפּיטל, געווידמעט דעם שאַפן און לעבן פון איליאַ ערענבורג, אָגב געשריבן אין אַ טאָן פון טיפער פאַרערונג. דאָרט קומט פּאָמעראַנץ צום אויספיר, אַז עס איז שווער פעסטצושטעלן דעם אמת וועגן די האַרבע באַשולדיקונגען, אַז ערענבורג האָט געהאַט „אַ חלק אין דעם אומברענגען פון די אידישע שרייבערס. געווען פאַלן, ווען אַזעלכע קלאַנגען האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר גרונטלאָז״. פּאָמעראַנץ זעצט פאָר זיין אַנאַליז, אַז ערענבורג „איז געניצט געוואָרן צו פּראָפּאַגירן די אַסימילאַציע פון די סאָוועטישע אידן און האָס צו מדינת ישראל״.

וואָס שייך דער אַסימילאַציע פון סאָוועטישן אידנטום איז בישטאָ קיין שום ספק, אַז ערענבורג האָט דירעקט אָדער אומדירעקט זיך געלאָזט אויסנוצן דורך דער סאָוועטישער פּראָפּאַגאַנדע; אָבער דער זאָג וועגן „האַס צו מדינת ישראל״ איז היפש אָנגעצויגן. פּונקט אַזוי איז אומבאַגרינדעט די דעדוקציע פון אַלעקסאַנדער פּאָמעראַנץ:

„זיין (ערענבורגס) טרויעריק־באַרימטער אַרטיקל אין דער ׳פּראַוודאַ׳, אַז די אידן אין סאָוועט־רוסלאַנד האָבן נישט קיין שייכות צו די

אידן אין אַנדערע לענדער, איז דאָך געווען די טעאָרעטישע באַזע, דער סיגנאַל, צו דער ליקווידאַציע פון דער אידישער קולטור".

אין דעם „פּראַוודאַ"־אַרטיקל איז נישטאָ קיין רמז, וואָס זאָל דאָס באַרעכטיקן. דאָס איז אייגנטלעך דער אַני־מאמין פון אַן אַסימילירטן סאָוועטישן איד, וועלכער פילט זיך פאַרוואָרצלט אין דער רוסישער קולטור און פּראָטעסטירט קעגן דער נייער אַנטיסעמיטישער קאַמפּאַניע, וואָס איז דורך דעם סאָוועטישן פּראָפּאַגאַנדע־אַפּאַראַט געוואָרן אויפגעשרויפט אונטערן קאַמופלאַזש פון קאַמף קעגן די אַזוי־גערופענע „קאָסמאָפּאָליטן". דערביי איז אין דעם אַרטיקל פאַראַן אַ ליידנשאַפט־לעכע אָנקלאַגע קעגן אַנטיסעמיטיזם בכלל און קעגן די אינסינואַציעס, אַז אידן זיינען אומלאָיאַלע בירגער.

דעם הינטערגרונט פאַרן דאָזיקן אַרטיקל האָט ערענבורג געשיל־דערט אין אַ שמועס מיט דעם אידישן איבערזעצער פון זיינע ראָמאַנען „קוליאָ כורעניטאָ" און „לאַזיק רויטשוואַניעץ", מנחם פלאַקסער, מיט וועלכן ערענבורג איז געווען באַפריינדעט זינט די צוואַנציקער יאָרן, און נאָכן קריג האָט ער זיך צום ערשטן מאָל מיט אים געטראָפן אין פּאַריז, אין יאָר 1962.

דאָס איז געווען זייער אַ קריטיש יאָר פאַר איליאָ ערענבורג, ווייל ער האָט זיך דאַן געפונען אונטערן קרייץ־פייער פון אַטאַקעס מצד ניקיטאָ כרושטשאָוו און די קאָמיסאַרן פון סאָוועטישן שרייבער־פאַראיין, אין צוזאַמענהאַנג מיט דער קאַמפּאַניע קעגן דער אַבסטראַקטער מאָ־לערייַ, וואָס האָט דאַן דורכגעמאַכט אַ פּלוצלינגן אויפשוואונג אין סאָוועטן־פאַרבאַנד.

צוליב דעם האָט פלאַקסער פאַרעפנטלעכט דעם געשפּרעך מיט איבער אַ יאָר שפּעטער („פאָרווערטס", דעם 21טן דעצעמבער, 1963), ווען די קאַמפּאַניע קעגן ערענבורגן אין סאָוועט־רוסלאַנד איז געוואָרן אָפּגעשוואַכט. ווי פלאַקסער דערציילט, האָט ערענבורג פאַר אים גע־שילדערט די אַטמאָספער, אין וועלכער זיין „פּראַוודאַ"־אַרטיקל איז

אַנטשטאַנען. סטאַלין האָט זיך גענומען אָריענטירן אויף אַ נייער מלחמה, דאָס מאָל קעגן אַמעריקע און ער האָט גענומען טראַכטן, וואָס צו טאָן מיט די רוסישע אידן.

אָט ווי אַזוי ערענבורג האָט איבערגעגעבן די פּלענער, וואָס דער „משוגענער סטאַלין" האָט געהאַט פּאַרוועבט לגבי דעם רוסישן אידנטום, אין פאַל פון אַ קריג מיט אַמעריקע:

„אין קריג קעגן זייער בלוטיקן שונא, היטלער, האָבן זיי טאַקע אַרויסגעוויזן העלדישקייט. אָבער גאָר אַנדערש וועט עס זיין אין פאַל פון אַ קריג מיט אַמעריקע, מיט וועלכער יעדער צווייטער רוסישער איד האָט פאַמיליע־פאַרבינדונגען. דעמאָלט איז דאָס אים געקומען אין קאָפּ אַריין דער געדאַנק צו פאַרשיקן אַלע אידן קיין סיביר, אָבער זיינע אַרויסהעלפער אין פּאָליט־ביוראָ האָבן זיך קעגנגעשטעלט, ווייל דאָס וואָלט אויפגערודערט די וועלט קעגן רוסלאַנד. איז ער געקומען צו אַ צווייטן טייוולאַנישן אויספיר: ער וועט אָפּהאַקן די קעפּ פון די פירער פון די אידן, זייערע דיכטער, שוישפּילער, קולטור־טוער און וויסנ־שאַפטס־לייט און די מאַסע, אַ דערשראָקענע און באַווילדערטע, וועט דאַן ליגן איינגעלייגט".

ווי אַ צוגרייטונג צו דעם דאָזיקן מאַסן־מאָרד איז געקומען די קאַמפּאַניע אין דער פּרעסע, אַז אידן זיינען „פּאַספּאָרטלאָזע בראָדיאַגעס, קאָסמאָפּאָליטן און ציגיינער אָן אַ פאָטערלאַנד". ווי פלאַקסער גיט איבער, האָט ערענבורג אים דערציילט, אַז לאַזאַר קאַגאַנאָוויטש און געאָרגי מאַלענקאָוו זיינען דעמאָלט געקומען צו אים און געזאָגט: „מען דאַרף עפּעס טאָן". פלאַקסער איז מסביר דעם ענין מיט זיינע אייגענע ווערטער: „עס איז געווען באַלד נאָך דער אַנטשטייאונג פון מדינת ישראל און נאָך דער ענטוזיאַסטישער אויפנאַמע, וואָס די מאָסקווער אידן האָבן געגעבן צו דער ערשטער אַמבאַסאַדאָרשע פון מדינת ישראל אין רוסלאַנד, גאָלדע מאיר. קאַגאַנאָוויטש און מאַלענקאָוו האָבן איינגע־טענה'ט מיט ערענבורגן, אַז ער מוז געבן צו פאַרשטיין די רוסישע

אידן, אַז זייער גורל איז פאַרבונדן מיט רוסלאַנד. אין רעזולטאַט פון דעם געשפּרעך איז געקומען דאָס „פּראַוודאַ״־אַרטיקל.

לויט ערענבורג׳ס השערה, ווי ער האָט דאָס אויסגעדריקט פאַר מנחם פלאַקסער און אויך פאַר אַנדערע פריינט אין דער מערב־וועלט, איז סטאַלינ׳ס צאָרן קעגן אידישן אַנטי־פאַשיסטישן קאָמיטעט געוואָרן פאַרשטאַרקט, צוליב דעם אַזוי־גערופענעם „קרים־עפּיזאָד״. דאָס איז געווען די ווענדונג, וואָס דער אידישער אַנטי־פאַשיסטישער קאָמיטעט האָט געמאַכט צו סטאַלינען, אַז די הונדערטער טויזנטער אידן, וועלכע זיינען אין די מלחמה־יאָרן עוואַקואירט געוואָרן פון דער אוקראַינע און ווייסרוסלאַנד — זאָל מען באַזעצן אין קרים, פון וואַנען מען האָט גע־האָט אַרויסגעטריבן די טאָטערן, צוליב זייערע סימפּאַטיעס פאַר היטלערן.

ערענבורג האָט זיך אַרויסגעזאָגט קעגן דעם דאָזיקן פּלאַן און איז אין אַ גרויסער מאָס צוליב דעם זיך פונאַנדערגעגאַנגען מיטן אַנטי־פאַשיסטישן קאָמיטעט. הגם דער פּלאַן — ווי ערענבורג האָט אַליין צו־געגעבן — איז געשטיצט געוואָרן דורך וויאַטשעסלאַוו מאָלאָטאָוו. עס איז מערקווירדיק, אַז קורץ נאָך דעם איז מאָלאָטאָוו׳ס אידישע ווייב, זשעמטשושזשינאַ, פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר.

דעם דאָזיקן פּעריאָד פון דער סטאַלין־משוגעת שילדערט אין אירע מעמואַרן סטאַלינס טאָכטער, סוועטלאַנאַ אַלעליועוואַ. דאָס גיט אונז אַ קלאָרן באַגריף וועגן דעם קלימאַט, אין וועלכן ערענבורגס אַרטיקל איז געשריבן געוואָרן.

„אַ נייע כוואַליע פון אַרעסטן האָט זיך אָנגעהויבן ביים סוף פון יאָר 1948 — שרייבט סוועטלאַנאַ — מיינע צוויי טאַנטעס, די אַלמנות פון אָנקל פּאַוועל און אָנקל רעדענס, זיינען אַרעסטירט געוואָרן און אַן ענלעכער גורל האָט געטראָפן אַלע, וואָס האָבן זיי געקענט. י. ג. מאָ־ראָזאָוו, דער פאָטער פון מיין ערשטן (אידישן) מאַן, איז אויך געוואָרן אַרעסטירט. דאַן האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאַמפּאַניע קעגן די מענטשן,

וועלכע מען האָט גערופן 'קאָסמאָפּאָליטן'. זיי האָבן אַפילו אַרעסטירט מאַלאָטאָוו'ס פרוי. אויך לאָזאָווסקי איז אַרעסטירט געוואָרן און מיכאָעלס איז געוואָרן דערמאָרדעט. אַלע זיינען זיי צונויפגעמישט געוואָרן מיטן זעלבן כלומרשטן 'ציוניסטישן צענטער'."

ווען סוועטלאַנאַ האָט פּרובירט אַרגומענטירן מיט איר פאָטער, אַז עס איז אַן אומזין צו באַשולדיקן איר געוועזענעם מאַן אין ציוניזם, האָט סטאַלין אַ צאָרנדיקער איר געענטפערט: „ניין, דו פאַרשטייסט נישט, דער גאַנצער עלטערער דור איז פאַר'סמ'ט פון ציוניזם און איצט לערנען זיי דאָס דעם אינגערן דור".

די דאָזיקע באַמערקונג פון סטאַלינס טאָכטער גיט אונז אַ באַגריף וועגן דער אַטמאָספער פון פאַרדאַכט און שנאה צו אידן, וואָס האָט אין יאָר 1948 אַלץ מער און מער זיך גענומען אויסשפּרייטן פון הינטער די קרעמל־מויערן. אין אַט־דעם קלימאַט פון פּחד, וואָס איז דאַן באַפאַלן די סאָוועטישע אידן, קען דעריבער ערענבורגס אַרטיקל אין דער „פּראַוודאַ" בלויז אינטערפּרעטירט ווערן ווי אַ פאַרצווייפלטער פאַרזוך אָפּצוענטפערן אויף די אַנטי־אידישע העצערייען און פאַרלוימדונגען, וואָס ער האָט אַרויסגעהויבן, ווי אַ שאַרפע סתירה צו די פּרינציפּן פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע.

# IV

## ערענבורג׳ס געראַנגל מיטן „אידישן פּראָבלעם״

ווען מען לייענט איצט דעם פולן טעקסט פון ערענבורג׳ס אַרטיקל אין דער „פּראַוודאַ״ ווערט קלאָר, אַז די כוונה פון מחבר איז געווען אָפּצושוואַכן דעם סטאַליניסטישן צאָרן קעגן דער ספּאָנטאַנער באַגייס־טערונג פון סאָוועטישן אידנטום פאַר מדינת ישראל. ערענבורג האָט טאַקע דעם ציוניזם באַצייכנט ווי אַ „פּראָגראַם פון אידישע נאַציאָנאַ־ליסטן און מיסטיקער״, אָבער אין דער זעלבער צייט האָט ער גערעדט מיט גרויסער סימפּאַטיע וועגן דעם קאַמף, וואָס די אידישע אַרבעטער אין ארץ־ישראל פירן קעגן די „אַראַבישע איבערפּאַלער״ און האָט אויך אויסגעדריקט „גלויבן אין דער צוקונפט פון ישראל״.

דער עיקר אָבער האָט ערענבורג אונטערגעשטראָכן די טיפע פאַר־וואָרצלטקייט פון די סאָוועטישע אידן אין זייער היימלאַנד, פאַר וועלכן זיי האָבן פאַרגאָסן אַזויפיל בלוט אין דער לעצטער מלחמה און דערביי איבערגע׳חזר׳ט דעם קאַזיאָנעם פזמון וועגן דעם, אַז די אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָט געבראַכט פולע גלייכבאַרעכטיקונג פאַר די אידן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד און אַז דער סאָציאַליזם איז בכלל די איינציקע לייזונג פאַר דער „אידישער פראַגע״.

ביים ציטירן דעם „פראַוודאַ"־אַרטיקל אין זײַנע מעמואַרן האָט ערענבורג נישט דערמאָנט, אַז דאָס איז געווען אַן ענטפער אויף אַ בריוו פון אַ יונגן דייטשן איד, אַ געוויסן אַלעקסאַנדער ר. — אַפּנים אַ ליטעראַרישע המצאה, וואָס האָט ערענבורגן געגעבן די מעגלעכקייט צו באַרירן פאַרשידענע „דעליקאַטע" אידישע פּראָבלעמען. אַלעקסאַנדער ר. ווערט דורך איליאַ ערענבורג פאָרגעשטעלט ווי אַ יונגער אידישער בחור פון דייטשלאַנד, וועלכער האָט בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה זיך אויסבאַהאַלטן אין פראַנקרייך און געקעמפט אין אַ קאָמוניסטישער פּאַרטיזאַנען־אָפּטיילונג פון דער אונטערערדישער באַוועגונג — די אַזוי־גערופענע „מאַקי".

נאָך דער נאַצישער מפּלה איז ער צוריקגעקומען אין זיין היים־שטאָט, מינכען, אָבער דאָרט נישט געטראָפן קיינעם פון זיין משפחה, וואָס איז געוואָרן אומגעבראַכט דורך די נאַציס. ער נעמט לערנען מעדיצין אויפן מינכענער אוניווערזיטעט, אָבער די אַנטיסעמיטישע סטודענטן זאָגן אים כסדר: „טראָג זיך אָפּ קיין פּאַלעסטינע!". ער ווענדט זיך דעריבער צו איליאַ ערענבורג — וועמענס ראָמאַן „דער שטורעם" מיט די שילדערונגען פון אידישן אומקום אונטער די נאַציס האָט אויף אים געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק — אַז ער זאָל אים געבן אַן עצה, וואָס צו טאָן. דערביי וויל ער אויך וויסן, וויאַזוי סאָוועט־רוסלאַנד באַציט זיך צו מדינת ישראל און בכלל צו דער לייזונג פון דעם אַזוי־גערופענעם „אידישן פּראָבלעם".

„איך בין קיינמאָל נישט געווען קיין ציוניסט — שרייבט אַלעקסאַנדער ר. — אָבער איצט הויב איך אָן צו גלויבן אין דער אידייע פון אַ אידישער מלוכה. איך דערוואַרט פון אייך אַן ענטפער. איר זענט דאָך דער שרייבער פון דעם לאַנד, אין וועלכן איך גלויב מיטן גאַנצן האַרץ".

„די סאָוועטישע רעגירונג — זאָגט ערענבורג אין זיין ענטפער — האָט די ערשטע אָנערקענט די נייע מדינה און ענערגיש פּראָטעסטירט

קעגן די אַגרעסאָרס. ווען די ישראל־אַרמייען האָבן פאַרטיידיקט זייער לאַנד קעגן די אַראַבישע לעגיאָנען, וואָס זיינען אָנגעפירט געוואָרן דורך ענגלישע אָפיצירן, זיינען אַלע סימפּאַטיעס פון די סאָוועטישע מענטשן געווען אויף דער זייט פון די פאַרפאָלגטע און נישט אויף דער זייט פון די פאַרפאָלגער... די פאַרטרעטער פון סאָוועטן־פאַרבאַנד אין די פאַראייניקטע פעלקער האָבן דערקלערט, אַז אונזער פאָלק פאַרשטייט די געפילן פון אידן, וואָס האָבן איבערגעלעבט די גרעסטע טראַגעדיע און ענדלעך באַקומען דאָס רעכט צו עקזיסטירן אויף זייער ערד.

„...אויב איך גלויב אין דער צוקונפט פון ישראל, מוז איך אָבער ענטפערן נעגאַטיוו אויף דער צווייטער פראַגע פון מיין קאָרעספּאָנדענט, צי די אַנטשטייאונג פון מדינת ישראל איז אַ לייזונג פון דעם אַזוי־גערופענעם 'אידישן פּראָבלעם'... איך בין באַגייסטערט פאַר דער העלדישקייט פון די ישראל'דיקע קעמפער, וואָס שלאָגן אָפּ די אָנגריפן פון די געדונגענע ענגלישע אַרמייען, אָבער איך ווייס, אַז די לייזונג פון דער 'אידישער פראַגע' איז אָפּהענגיק נישט פון קיין מיליטערישע נצחונות אין פּאַלעסטינע, נאָר פון דעם נצחון פון סאָציאַליזם איבערן קאַפּיטאַליזם, פון דעם נצחון פון די נאָבעלע, אינטערנאַציאָנאַלע פּרינציפּן פון אַרבעטער־קלאַס איבערן נאַציאָנאַליזם, פאַשיזם און ראַסיזם".

ערענבורג רעדט דאָ מיט צאָרן וועגן די פינסטערע כוחות פון רעאַקציע און אַנטיסעמיטיזם אין פאַרשידענע צייטן און אין פאַרשידענע לענדער, און דאָ קומט דער דערשיטערנדיקער זאַג: „אויב מען זאָל אַפילו אויף איין רגע צולאָזן אין געדאַנק דאָס שרעקלעכע בילד און זיך פאָרשטעלן דעם נצחון פון דער וועלט־רעאַקציע, קען מען מיט דער גאַנצער זיכערקייט זאָגן, אַז מדינת ישראל וועט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ נייעם אוישוויץ, אָדער מאַידאַנעק".

קנאַפּע צוואַנציק יאָר נאָך דעם, ווי אָט־די שורות זיינען אָפּער פון אונטער ערענבורגס פען — אין יוני 1967 — האָט נישט קיין סך געפעלט, אַז די דאָזיקע אַפּאָקאַליפּטישע וויזיע זאָל גאָר ווערן פאַר־

ווירקלעכט מיט די כלי־משחית און שטיצע פון „סאָציאַליסטישן פאַ־טערלאַנד"...

אין ערענבורגס „פּראַוודאַ"־אַרטיקל, וואָס איז דערשינען אַ קנאַפּ יאָר נאָך דעם מאָרד איבער שלמה מיכאָעלס און ערב דער ליקווידאַציע פון די לעצטע אידישע אינסטיטוציעס, ווערט כסדר איבערגע'חזר'ט די באַהויפּטונג, אַז דער סאָציאַליזם איז די איינציקע לייזונג פון דער אידישער פראַגע.

„די אָקטאָבער־רעוואָלוציע — זאָגט ערענבורג — האָט געבראַכט פרייהייט און גלייכבאַרעכטיקונג פאַר אַלע בירגער פון סאָוועטישן לאַנד, צווישן זיי אויך פאַר די אידן. אַ טייל פון זיי באַטראַכט ווי זייער מוטער־שפּראַך רוסיש, אַנדערע אוקראַיִניש, נאָך אַנדערע אידיש, אָבער אַלע באַטראַכטן זיי דאָס סאָוועטישע לאַנד פאַר זייער היימלאַנד...".

דאָס איז דאָס איינציקע מאָל אין דעם אַרטיקל, ווי ערענבורג רעדט וועגן אידיש, און עס איז דעריבער אַ רעטעניש, פאַרוואָס עס איז אין דער אידישער וועלט געבליבן דער איינדרוק, אַז דער דאָזיקער אַרטיקל איז געווען דער סיגנאַל פאַר דער ליקווידאַציע פון דער אידישער קולטור.

די וויכטיקסטע טיילן פון דעם אַרטיקל זיינען געווידמעט די העלדישקייטן פון סאָוועטישן אידנטום בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה — אין דער רויטער אַרמיי און אין די פּאַרטיזאַנען — און ערענבורג פירט אויס, אַז צוליב דעם פאַרגאָסענעם אידישן בלוט און די צאָלרייכע קברים פון די אידישע העלדן זיינען די לעבן־געבליבענע סאָוועטישע אידן געוואָרן נאָך מער צוגעבונדן צו זייער היימלאַנד.

וואָס שייך ווידער דעם יונגן דייטשן איד — וועלכער האָט נאָך דעם צוזאַמענבראָך פון „דריטן רייך" זיך ווידער געפונען פּנים־אל־פּנים מיטן נאַצישן געשפּענסט — האָט ערענבורג אים נישט געגעבן דעם גוט־באַקאַנטן קאָמוניסטישן רעצעפּט פון פאַרזעצן דעם קאַמף אויפן אָרט, נאָר געמאַכט דעם פאָלגנדיקן אויספיר:

„עס איז מעגלעך, אַז אין אַזעלכע באַדינגונגען בלייבט נישט קיין אַנדער אויסוועג פאַר אַלעקסאַנדער ר.„ ווי זיך צו דערשלאָגן קיין ישראל. אויב אָבער דאָס וועט זיין אַ לייזונג פאַר דער פערזענלעכער דראַמע פון אַלעקסאַנדער ר.„ קען עס נישט ווערן קיין לייזונג פאַר דער דראַמע פון אידן, וועלכע לעבן אין פאַרשידענע לענדער, וואו עס הערשט געלט, ליגנס און פאַראורטיילן״.

אין דער דאָזיקער סתירות׳דיקער פאָרמולירונג האָט זיך בולט אַנטפּלעקט די דראַמע פון אַן אַסימילירטן איד, וועלכער האָט זיך געפונען אין קלעם צווישן די עמאָציאָנעלע רעגונגען פון סימפּאַטיע פאַר מדינת ישראל און דער שרעק נישט צו פאַרטשעפּען די קאָמוניס־טישע דאָגמע לגבי דעם ציוניזם.

אַ קלאָרער באַווייז דערויף איז דער פאַקט, אַז אין די מעמואַרן האָט ערענבורג ציטירט פון זיין „פּראַוודאַ״־אַרטיקל בלויז דעם טייל, אין וועלכן עס רעדט זיך וועגן די פאַרביסענע אַנטיסעמיטישע העצער, אַ דערשיינונג, וואָס האָט נישט אויפגעהערט צו זיין אַ ברענענדיקע אַקטואַליטעט, באַזונדערס טאַקע אין ראַטן־פאַרבאַנד. דאַקעגן האָט ער אַדורכגעלאָזט די אַנטי־ציוניסטישע שטעלן און דעם אויספיר וועגן דעם, אַז „אין זייער דראַנג נאָך יושר קוקן די אַרבעטער פון מדינת ישראל צום צפון, צום סאָוועטן־פאַרבאַנד״, וואָס קלינגט איצט אַזוי אויסטערליש גראָטעסק.

קורץ פאַר זיין טויט, סוף יוני 1967, ווען די העץ־וואַקכאַנאַליע קעגן מדינת ישראל האָט אין סאָוועט־רוסלאַנד דערגרייכט דעם הויכ־פּונקט, האָט ערענבורג געגעבן אַן אויסמיידנדיקן ענטפער אויף אַ פראַגע וועגן דער סאָוועטישער שטעלונג צום קאָנפליקט אין נאָענטן מזרח. ערענבורג האָט נישט נאָכגעפּלאַפּלט די אָפיציעלע סאָוועטישע ליניע פון שטעמפּלען מדינת ישראל ווי אַן „אַגרעסאָר״, נאָר באַרירט אַן עניין, וואָס האָט גאָרנישט געהאַט צו טאָן מיט דער זעקס־טאָגיקער מלחמה.

פאַר איין וועג האָט ער געמאַכט אַ באַמערקונג וועגן אַנטיסעמיטיזם אין סאָוועט־רוסלאַנד.

„לויט מיין מיינונג — האָט ערענבורג געזאָגט — איז ישראל אַ לאַנד, וואָס איז נאָך אַלץ אונטערוואָרפן אַ שטאַרקן רעליגיעזן דרוק. דער פאַקט, וואָס איך בין אַ איד, פאַרפליכטעט מיך נישט אַלעמאָל מסכים צו זיין מיט די פּאָליטישע ריכט־ליניעס פון מדינת ישראל... ווי תמיד האָט איך אַנטיסעמיטיזם, ווען נס פאַרשווינדן קומט פאַר זייער לאַנגזאַם אומעטום אין דער וועלט, איינגעשלאָסן סאָוועט־רוסלאַנד".

דעם דאָזיקן ענטפער האָט ערענבורג געגעבן דעם באַוואוסטן אי־טאַליענישן זשורנאַליסט נעריאָ מינוצאָ פון דעם איינפלוסרייכן וואָכנ־בלאַט „ל'עאוראָפּעאָ". דאָס איז געווען בעת דעם סטענדהאַל־קאָנגרעס אין פּאַרמאַ, וואו דער גרויסער פראַנצויזישער שרייבער פון 19טן יאָר־הונדערט, דער מחבר פון „רויט און שוואַרץ", האָט געלעבט און געשאַפן במשך פון לאַנגע יאָרן.

V

## די סטענדהאַל־השפעה

דער פאַקט, וואָס ערענבורג איז געפאָרן צום סטענדהאַל־קאָנגרעס, בעת אין מאָסקווע איז אין דער זעלבער צייט אָפּגעהאַלטן געוואָרן דער פערטער קאָנגרעס פון פאַרבאַנד פון סאָוועטישע שרייבער, איז געווען אַ קלאָרער באַווייז וועגן ערענבורגס ווידערשפּעניקייטס־שטימונג אין דער סאַמע לעצטער פאַזע פון זיין לעבן. ער איז טאַקע דערפאַר גע־טאַדלט געוואָרן פון דער קאָנגרעס־טריבונע נישט דורך קיין אַנדערן, ווי דורך זיין לאַנג־יאָריקן ביטערן אַנטאַגאָניסט, מיכאַאיל שאָלאָכאָוו.

אין דעם זעלבן אינטערוויו מיט דעם איטאַליענישן זשורנאַליסט האָט ערענבורג סאַרקאַסטיש אָפּגעענטפערט שאָלאָכאָוו׳ן: „אין מיין עלטער הערן שוין אויף געוויסע זאַכן צו ווירקן. שאָלאָכאָוו שפּילט שוין דעם דאָזיקן נומער קנאַפּע צוואַנציק יאָר״.

פיל שאַרפער האָט ערענבורג זיך אויסגעדריקט וועגן שאָלאָכאָוו׳ן אין אַ געשפּרעך מיט דעם ענגלישן סאָוויעטאָלאָג, אַלעקסאַנדער ווירט, וועלכער האָט ערענבורגן באַזוכט אין מאָסקווע קוים עטלעכע וואָכן פאַר זיין טויט.

„ווי איר ווייסט — האָט ערענבורג געזאָגט — איז ביי אונז פאַראַן

בלויז אין פאַרטיי און יעדער איינער קאָן ווערן אַ מיטגליד אין דער דאָזיקער פאַרטיי, אַפילו אַזעלכע פאַשיסטן, ווי מיכאַאיל שאָלאָכאָוו" („לע נואוועל אָבסערוואַטער", דעם 25טן אָקטאָבער, 1967).

ענלעך ווי בעת פריערדיקע באַזוכן אין דער מערב־וועלט האָט ערענבורג אויך בעת זיין לעצטן באַזוך אין איטאַליע — קוים עטלעכע חדשים פאַרן טויט — באַריִרט דעם ענין פון די באַשולדיקונגען, וואָס ווערן אָן אויפהער געמאַכט קעגן אים, טראָץ אַלע זיינע הכחשות. מיט באַזונדערער ביטערניש האָט ערענבורג גערעדט וועגן דעם פאַרוואורף, אַז ער האָט געהאַט אַ חלק אין דעם „טויט פון צענדליקער אידישע שרייבער".

„מען האָט געשריבן וועגן מיר — האָט ערענבורג סאַרקאַסטיש געזאָגט — אַז אין משך פון אָט־די יאָרן פלעג איך יעדן פרימאָרגן זיך אַריינזעצן אין מיין אויטאָמאָביל און פאָרן אָפּגעבן דערקלערונגען קעגן מיינע פריינט, כדי זיך אַליין צו ראַטעווען".

אין איטאַליע האָט ערענבורג פאַרבראַכט עטלעכע טעג אין דער ווילע פון דער איטאַליענישער שרייבערין, פרינצעסין דע סאַראַניאַ. דאָרט האָט ער אויפגענומען די מיטאַרבעטערין פון דעם פראַנצויזישן ליטעראַרישן וואָכנבלאַט „נואוועל ליטערער" און דעם טעקסט פון איבּ־ טערוויו פאַרמעל אויטאָריזירט. אין דעם דיאַלאָג קומט צום אויסדרוק ערענבורגס בליק אויף דער ראָל פון שרייבער און קינסטלער. ער רוקט אַרויס סטענדהאַלן ווי אַ מוסטער פון דעם געוויסנהאַפטן „אַנגאַזשירטן" שרייבער, אין קעגנזאַץ צו מאַרסעל פּרוסט, וועגן וועלכן ער זאָגט, אַז „ער האָט זיך אָפּגעזונדערט פון דער געזעלשאַפט".

ווי זיינע באַליבטסטע רוסישע שרייבער האָט ערענבורג אָנגערופן: טאָלסטאָי, טשעכאָוו און דאָסטאָיעווסקי. אויף דער פראַגע, מיט וואָס דערקלערט זיך דער דערפאָלג פון יעווטושענקאָ, האָט ערענבורג סאַר־ קאַסטיש געענטפערט: „קודם־כל האָט ער אַמוזירט דאָס יונגוואַרג אין רוסלאַנד. דאַן האָט ער איבערראַשט די מערב־וועלט. עס שטעקט דערין

עפּעס טעאַטראַלס... חוץ אַלעמען געפּעלט ער די פּרויען מיט זיינע טריקאָט־העמדלעך..."

ביים סוף פון שמועס האָט די פאַרטרעטערין פון „נואוועל ליטער־רער", עמאַנועלאַ קרעטצולעסקאַ, געפרעגט ערענבורג'ן, צי עס איז נישט אַמאָל פאַר אים „געפערלעך" צו מאַכן דערקלערונגען אין דער מערב־וועלט. דערויף האָט ערענבורג געענטפערט: „וואָס וואָלט דער שרייבער געווען, ווען ער וואָלט נים געזאָגט וואָס ער טראַכט".

דער געשפּרעך אין „נואוועל ליטערער" איז דערשינען דעם 7טן סעפּטעמבער, קוים עטלעכע טעג נאָך ערענבורגס טויט. דריי וואָכן שפּעטער, דעם 30טן סעפּטעמבער, האָט דאָס אַמעריקאַנער ליטעראַרישע וואָכנבלאַט „סאַטורדעי רעוויו" פאַרעפנטלעכט אַן אויטאָביאָגראַפישע עסעי פון איליאַ ערענבורג אין דער ספּעציעלער סעריע א. ב. „וואָס איך האָב געלערנט", אין וועלכער עס האָבן זיך געהאַט אַרויסגעזאָגט פירנדיקע אינטעלעקטועלע פון פאַרשידענע לענדער. די „סאַטורדעי רעוויו" האָט באַצייכנט ערענבורגס עסעי ווי זיין „טעסטאַמענט" און דערביי באַמערקט, אַז ער האָט דעם מאַנוסקריפּט געשיקט פון מאָסקווע, קורץ פאַר זיין טויט.

לויטן סטיל און פאָרם האָט די דאָזיקע עסעי נישט קיין כאַראַקטער פון אַ טעסטאַמענט און עס איז נישט זיכער, צי דאָס איז טאַקע געווען די לעצטע זאַך, וואָס איז אַפער פון אונטער זיין פען. אין די לעצטע חדשים האָט ערענבורג געאַרבעט איבערן זיבעטן באַנד פון זיינע מע־מואַרן, וואָס האָט באַדאַרפט אַרומנעמען די יאָרן 1953־1964 און אין חודש יוני האָט ער אַפילו פאַרעפנטלעכט די הקדמה צום דאָזיקן באַנד.

אין דעם אויטאָ־פאָרטרעט, וואָס ערענבורג האָט געשריבן פאַר דער „סאַטורדעי רעוויו", זיינען טאַקע פאַראַן אַ ריי איבערחזרונגען פון דער דאָזיקער הקדמה און אויך עפּיזאָדן, וואָס זיינען באַקאַנט פון זיינע מעמואַרן. דאָרט איז איינגעשלאָסן אַ שילדערונג וועגן זיין אידישער היים אין קיעוו און אַ באַמערקונג וועגן אַנטיסעמיטיזם. די עסעי אין

דער „סאַטורדעי רעוויו״ הויבט זיך אָבער אָן מיט אַ נייעם וואַריאַנט פון ערענבורגס רעפלעקסן וועגן זקנה און טויט, וואָס ער האָט שוין געבראַכט צום אויסדרוק אין זיינע מעמואַרן. אָט איז דער נייער וואַריאַנט:

„במשך פון די לעצטע פופצן יאָר, אָדער אומגעפער אַזוי, האָב איך זיך געלערנט צו זיין אַן אַלטער מאַן. דאָס איז נישט אַזוי לייכט, ווי איך האָב געגלויבט, ווען איך בין געווען יונג. איך פלעג טראַכטן, אַז באַגערן שטאַרבן אַפּ, צוזאַמען מיט די מעגלעכקייטן פון באַפרידיקן זיי, אָבער איצט האָב איך געגומען פאַרשטיין, אַז דער גוף עלטערט זיך שנעלער ווי דער גייסט און מען דאַרף זיך דעריבער לערנען לעבן ווי אַן אַלטער מאַן. מען לערנט זיך אַפילו וויאַזוי צו שטאַרבן — שטאַרבן אויף אַזאַ אופן, אַז דער טויט זאָל זיין אַ פּאַסיקער סוף פאַר עמעצנס לעבן. דאָס איז נישט קיין לייכטע קונסט״.

אויב ערענבורג האָט געטראַכט וועגן אַ פּאַסיקן לעצטן אַקאָרד אין זיין לעבן, האָט ער זיך נישט געקענט ווינטשן קיין מער־דערהויבענעם מאָמענט, ווי זיין לעצטער עפנטלעכער אויפטריט אויף דעם סטענדהאַל־קאָנגרעס אין פּאַרמאַ. דאָס איז אייגנטלעך געווען אַן אומקער צו דעם אור־קוואַל פון זיין אינספּיראַציע, ווי אַ שרייבער און רעבעל.

סטענדהאַל, דער מחבר פון די קלאַסישע ווערק „רויט און שוואַרץ״ און „לאַ שאַרטרעז דע פּאַרמאַ״, האָט מער ווי וועלכער עס איז אַנדערער נישט־רוסישער שרייבער געהאַט אַ דעצידירנדיקע השפעה אויפן שאַפן פון איליאַ ערענבורג. „איך טראַכט וועגן אים מיט דער דאַנקבאַרקייט פון אַ תלמיד״ — האָט ערענבורג געשריבן אין זיין מייסטערדיקער עסעי וועגן סטענדהאַל.

נאָך מער: ערענבורגס שטורמישער לעבנס־וועג, זיינע ראַנגלענישן און קאַמפן, און אַפילו די רכילות, וואָס האָבן אים פאַרשאַפט אַזויפילליידן, זיינען מאָדנע ענלעך צו דעם לעבנס־וועג פון דעם גרויסן פראַנ־

צויזישן שרייבער פון 19טן יאָרהונדערט, וועלכער האָט מיטגעמאַכט רעוואָלוציעס און מלחמות און געפירט ביטערע קאַמפן מיט די גרעסטע שרייבער פון זיין צייט. געגוג צו דערמאָנען בלויז: וויקטאָר הוגאָ, באַלזאַק, פלאָבער און זאָלאַ. דאָך האָט באַלזאַק באַצייכנט סטענדהאַל׳ס ראָמאַן „לאַ שאַרטרעז דע פּאַרמאַ״ ווי דעם בעסטן ראָמאַן פון יאָרהונדערט, און געטהע איז געווען באַגייסטערט פאַר „רויט און שוואַרץ״. אין זיין שטודיע וועגן סטענדהאַל ברענגט ערענבורג פאָרמולירונגען, וואָס קענען באַטראַכט ווערן ווי שטריכן צו זיין אייגענעם פּאָרטרעט:

„ער האָט געהאַט היגטער זיך פיל שטורעמס, ליידנשאַפטן און אַנטוישונגען; זיין פריע יוגנט איז געווען צעלויכטן דורך די פייערן פון דער רעוואָלוציע, יאַקאָבינישע האָפענונגען, נאַפּאָלעאָנס אַרמיי, מאָסקווע אין פלאַמען, דער פּעריאָד פון דער רעסטאַווראַציע, דער טרי־אומף פון די באַרבאַרן... ער האָט די מענטשלעכע קאָמעדיע נישט אָבסערווירט פון אַ לאָזשע אין טעאַטער, נאָר איז געווען אַ מיטשפּילער, אַן אַקטיאָר... ער האָט געהאַסט דעספּאָטיזם און זיך געמיאוסט פון קנעכטישקייט...״

אין זיין סטענדהאַל־עסעי רעדט ערענבורג וועגן דעם קאָס־מאָפּאָליטישן כאַראַקטער פון יעדן גרויסן שרייבער. ווי אַ ביישפּיל ברענגט ער היינריך היינע, וועמען מען האָט באַשולדיקט, אַז ער איז ניט קיין גוטער דייטש, ווייל ער האָט ליב געהאַט פראַנקרייך. ווידער דעם רוסישן פילאָזאָף און רעוואָלוציאָנער אַלעקסאַנדער הערצען האָט מען פאָרגעוואָרפן, אַז ער איז נישט געווען קיין גוטער רוס, ווייל ער האָט ליב געהאַט איראָפּע.

ביים סוף פון דער עסעי אַנאַליזירט ערענבורג די פּאָרוואורפן וועגן „קאָסמאָפּאָליטיזם״, וואָס זיינען מיט הונדערט יאָר צוריק אַרויסגערוקט געוואָרן לגבי סטענדהאַל. דאָס קלינגט ווי אַ רמז אויף ערענבורגס אייגענע דערפאַרונגען:

„דער אַרגומענט וועגן סטענדהאַל׳ס קאָסמאָפּאָליטישקייט איז אַן

אַלטער אַרגומענט וועגן דעם אמתן כאַראַקטער פון ליבשאַפט פאַרן אייגענעם פאָטערלאַנד. עס האַנדלט זיך וועגן דעם, צי די ליבשאַפט גייט האַנט אין האַנט מיט שנאה פאַר אַנדערע פעלקער, לויב פאַר די פעלערן און שוואַכקייטן פון די אייגענע מיטבירגער — פאַרדאַמונגען און שבחים״.

מיט ביטערן סאַרקאַזם רעדט ערענבורג וועגן די פאַרשידענע אַנ־קלאַגעס, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן קעגן סטענדהאַל׳ן, אַז ער איז געווען אַ „קאָנספּיראַטאָר און אַגענט״. ער ציטירט אַ בריוו, וואָס סטענד־האַל האָט אין 1835 געשריבן צו באַלזאַק׳ן, קעגן וועמען מען האָט פאַרשפּרייט ענלעכע רכילות. אין אָט דעם בריוו רופט סטענדהאַל אָן די נעמען פון זיינע און באַלזאַק׳ס קריטיקער — מאַרטיניאַק, שאַטאָ־בריאַן א. אַ. — און פירט אויס:

„נאָכן טויט וועלן מיר נעמען אין זיי די גרעסטע נקמה. ביים לעבן קענען זיי טאָן מיט אונז וואָס זיי ווילן, אָבער מיטן מאָמענט ווען זיי וועלן שטאַרבן, וועלן זיי אויף אייביק ווערן פאַרגעסן״.

ערענבורג שטרייכט אונטער, אַז סטענדהאַל׳ס נבואה איז מקויים געוואָרן און אַז הונדערט יאָר נאָך זיין טויט איז דער אינטערעס פאַר סטענדהאַל׳ס ווערק געוואָרן נאָך שטאַרקער און לעבעדיקער, נישט נאָר אין פראַנקרייך, נאָר איבער גאָר דער וועלט. אומדירעקט האָט ערענבורג דערמיט זיך אָפּגערעכנט מיט זיינע אייגענע קריטיקער און פאַלוימדער.

VI

# פון קיעוו ביז פאַריז

צווישן די אידן אין דער מאָדערנער רוסישער ליטעראַטור האָבן בלויז איזאַק באַבעל און איליאַ ערענבורג אין זייער שאַפן זיך אידענטי־פיצירט ווי אידן. אויב באַבעל האָט אין זיינע מייסטער־דערציילונגען דירעקט געשילדערט זיין אידישע סביבה — די פאַרביקע אידישע געשטאַלטן פון דער אָדעסער מאָלדאַוואַנקע, די אונטערוועלט־פאַרשוינען, פונקט ווי די אָרעמע אידישע קרעמער — האָט ערענבורג דאָס געטאָן אויף אַ היפּערבאָלישן אופן, דורך דעם הויפּט־העלד אין זיין ראָמאַן, „דאָס שטורמישע לעבן פון לאַזיק רויטשוואַניעץ״ און אין „כוליאָ כורעניטאָ״, וואו ערענבורג פיגורירט ווי דער אידישער תלמיד פון דעם מיסטעריעזן לערער. אידישע העלדן זיינען אויך פאַראַן אין ערענבורג׳ס אַנדערע ראָמאַנען, באַזונדערס אין „אויפּטייאונג״ (אַטיע־פּעל). דאָס זיינען אָבער נישט מער ווי געשטאַלטן מיט אידישע נעמען.

דער איד ערענבורג אַנטפּלעקט זיך בעיקר אין זיינע זעקס בענד מעמואַרן: „מענטשן־יאָרן־לעבן״, אין וועלכע עס גייט דורך די פאַרביקע פּאַנאָראַמע פון זיין לאַנגן, שטורמישן לעבן, פול מיט בלאָנ־דזשענישן, אינערלעכן געראַנגל און אויסערלעכע קאָנפליקטן.

איליאַ ערענבורג איז געבוירן געוואָרן אין קיעוו דעם 14טן יאַנואַר, 1891. דאָס הויז פון זיינע עלטערן — אַ געננג פאַרמעגלעכע, בירגער־לעכע אידישע משפחה — האָט זיך געפונען אויף דער אינסטיטוטסקאַיאַ גאַס, אין דעם עלעגאַנטן קרעשטשאַטיק־קוואַרטאַל. אין יאָר 1896 האָט די ערענבורג־משפחה פאַרלאָזט קיעוו און זיך באַזעצט אין מאָסקווע, וואו דער פאָטער, גריגאָרי ערענבורג, האָט באַקומען אַ שטעלע אין בראָדסקי׳ס ביר־ברויערײ. די קינדער פלעגן אָבער אָפט צוריק־קומען קיין קיעוו צו זייער זיידן פון דער מוטערס צד, אַרנשטיין, וועמען איליאַ ערענבורג שילדערט ווי אַ פרום־אָפּגעהיטענעם, פּאַטריאַרכאַלן איד, מיט אַ לאַנגער, גרויער באָרד.

זיין פאָטער שילדערט ערענבורג ווי אַ מאָדערנעם מענטש, אָבער שטאָלצן איד, וועלכער האָט „פיינט געהאַט אידן, וואָס האָבן זיך גע־שמד׳ט, בכדי זיך צו פאַרלייכטערן זייער קאַריערע". מיט באַזונדערער ליבשאַפט דערמאָנט ערענבורג זיין מוטער, וועגן וועלכער ער באַמערקט, אַז זי האָט גערעדט אידיש און געשריבן אידישע בריוו צו אירע קרובים.

ערענבורג דערציילט, אַז ווען ער איז צום ערשטן מאָל אַנגעקומען אין גימנאַזיע, האָט ער צעשלאָגן אַ אינגל, וועלכער האָט אויף זיין חשבון געמאַכט אַן אַנטיסעמיטישע באַמערקונג. אין 1907 איז ער באַ־זייטיקט געוואָרן פון דער גימנאַזיע, פאַרן אַנגעהערן צו אַ רעוואָלוציאָ־נערן קרייזל. קורץ נאָכדעם איז ער אַרעסטירט געוואָרן פאַר אָפּדרוקן אַן אַרטיקל אין אַן אומלעגאַלער צייטונג „זוועגאַ" (רינג). אין דעם אַרטיקל האָט ערענבורג גערופן די מאָסקווער שול־יוגנט „צו ווערן די פויקערס און טרומייטערער פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע". נאָך דער באַפרייאונג איז דער 18־יאָריקער ערענבורג אַוועק קיין פּאַריז, וואוהין ער האָט מיט זיך מיטגעבראַכט עטלעכע העפטן לידער, וואָס ער האָט געשריבן אין תפיסה, און קורץ נאָך דער באַפרייאונג.

אין פּאַריז האָט ערענבורג פאַרקערט אין די ליטעראַריש־קינסטלע־רישע קרייזן אויף מאָנפּאַרנאַס, און האָט זיך באַפריינדעט מיט די דאָן־

שוין־באַרימטע אַוואַנגאַרד־פּאָעטן, גיאָם אַפּאָלינער — קאָסטראָוויצקי (1880 — 1918), וועלכער איז געווען פון פּוילישער אָפּשטאַמונג, און דעם איד, מאַקס זשאַקאָב (1876 — 1944). ביידע האָבן אויף דעם פּיל־אינגערן איליאַ ערענבורג געהאַט סתירות׳דיקע השפּעות.

אַפּאָלינער, וועלכער האָט געשטאַמט פון אַ קאַטוילישער משפּחה און האָט זיך באַרימט, אַז ער ציט זיין „יחוס״ פון אַן אומגעזעצלעך קינד פון נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרט, איז געווען אַן אוניווערסאַליסט מיט אַנאַרכיסטיש־ניהיליסטישע נייגונגען, בעת זשאַקאָב, וועלכער האָט געשטאַמט פון אַן אַלטער משפּחה פון ספרדישע רבנים, האָט געפּרעדיקט נעאָ־קאַטאָליציזם און האָט זיך סוף־כל־סוף גע׳שמד׳ט. דער טויף־פּאָטער איז געווען נישט קיין אַנדערער ווי פּאַבלאָ פּיקאַסאָ.

אין זיינע מעמואַרן מאַכט ערענבורג די פֿאָלגנדיקע באַמערקונג וועגן מאַקס זשאַקאָב: „ער פלעגט איבערזעצן אויף פראַנצויזיש מיינע גאָט־לעסטערנדיקע לידער און געלאָפן מתפּלל־זיין פאַר דער מאַדאָנע״ *).

אין פראַנצויזישע קאַטוילישע קרייזן האָט מען אין פאַרשידענע ציטן איבערגעחזרט דעם קלאַנג, אַז דער יונגער ערענבורג האָט זיך געהאַט דערנענטערט צום קאַטאָליציזם און זיך אַפילו אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק אַריינצוטרעטן אין אַ קלויסטער. אין ערענבורגס מעמואַרן איז אָבער פאַראַן וועגן דעם אַן אומדירעקטע אָפּלייקענונג:

„איך האָב קיינמאָל נישט געדאַוונט — נישט אין קיין סינאַגאָגע, נישט אין קיין פראַוואָסלאַווער קירך און נישט אין קיין קאַטוילישן קלויסטער. מיך פלעגן באַגייסטערן, און עס אַנטציקן מיך אויך איצט, אייניקע קינסטלערישע דענקמעלער, וואָס פאַר גלויביקע זיינען זיי פאַר־בונדן מיט רעליגיע, און פאַר מיר זיינען זיי פאַרבונדן מיט מענטשלעכע

*) בעת דער נאַצי־אָקופּאַציע פון פראַנקרייך איז מאַקס זשאַקאָב פאַרשיקט געוואָרן אין דעם קאָנצענטראַציע־לאַגער פון דראַנסי, וואו ער האָט מיט שטאָלץ געטראָגן דעם געלן מגן־דוד, צוגלייך מיט אַלע אַנדערע אידן. מאַקס זשאַקאָב איז דעפּאָרטירט געוואָרן קיין פּוילן, וואו ער איז אומגעקומען אין יאָר 1942.

געדאַנקען און געפילן — דער ספר איוב, שיר השירים, קהלת, די יעוואַנגעליע, איינגעשלאָסן די „פּאַרבאָטענע", דער „אַפּאָקאַליפּס", די שאַרטער־קירך, דער אַקראָפּאָל, אַנדרעי רובליעוו׳ס איקאָנעס, די קונסט פון פראַ בעאַטאָ, די אינדישע געטינס אין עלאָר, די וואַנט־מאָלערייען אין בודיסטישן מאָנאַסטיר פון אַרזשאַנט. אָבער די אַלע זאַכן זיינען פאַר מיר נישט קיין טויטע רעליגיעזע הייליקייטן, נאָר לעבעדיקע קונסט".

אַפּנים, אַז דער אוניווערסאַליזם פון גיאָם אַפּאָלינער האָט מנצח־געווען. דאָקעגן באָריס פּאַסטערנאַק, וועלכער איז געוואָרן אָנגעשטעקט מיט קריסטלעכע השפּעות אומגעפּער אין דער זעלבער צייט ווי זיין חבר איליאַ ערענבורג, האָט זיך גע׳שמד׳ט. ער האָט תמיד זיך אָפּ־געגרענעצט פון אידן און אידישקייט, הגם זיין פאָטער, דער באַ־רימטער מאָלער לעאָניד פּאַסטערנאַק, איז געווען אַ נאָענטער פריינט פון ח. נ. ביאַליק, שאול טשערניכאָווסקי און די וויכטיקסטע ציוניסטישע פירער פון זיין צייט, וועמענס פּאָרטרעטן ער האָט געמאָלן.

פון ערענבורגס ערשטן פעריאָד אויפן פּאַריזער מאָנפּאַרנאַס האָט אויף אים איבערגעלאָזט אַ טיפע השפּעה די פריינטשאַפט מיט דעם אידיש־איטאַליענישן מאָלער אַמאַדעאָ מאָדיליאַני וועגן וועמען ערענ־בורג דערציילט, אַז ער האָט פאַר אים אַנטפּלעקט די רייכע פּאַנאָראַמע פון אידישן לעבן אין מיטלאַלטערלעכן רוים און האָט אים פאַרגעלייענט די סאָנעטן פון דעם אידיש־איטאַליענישן פּאָעט פון 16טן יאָרהונדערט, עמנואל הרומי.

אין 1910 איז אין פּאַריז דערשינען ערענבורגס ערשטע זאַמלונג לידער („סטיכי") און אין פאַרלויף פון די ווייטערדיקע יאָרן זיינען דערשינען זיינע ווייטערדיקע זאַמלונגען. דאָס זיינען געווען לירישע לידער, געשריבן אונטערן איינפלוס פון קאָנסטאַנטין באַלמאָנט און פּאָל ווערלען — דער פאָרגייער פון פראַנצויזישן סימבאָליזם.

אין 1911 איז אין פּעטערבורג דערשינען ערענבורג׳ס אַ באַנד לידער „איך לעב" (יאַ זשיוואו), אין וועלכן עס איז פאַראַן אַ ציוניסטיש

ליד, פול מיט מליצהדיק־נאַאיווע מוסר־רייד *). דאָס ליד — „צום אידישן פאָלק“ — האָט דעם כאַראַקטער פון אַן אינוואָקאַציע. דער צוואַנציק־יאָריקער פּאָעט שטראָפט דאָס אידישע פאָלק דערפאַר, ווייל עס האָט „פאַרגעסן דעם גאָט פון אברהם“ און „פאַרנאַכלעסיקט זיין לשון“. ער רופט די אידן צוריקגיין צו די „פעלדער פון ירושלים“ און נישט בלייבן קיין „קנעכט צווישן פעלקער“. דאָס ליד פאַרענדיקט זיך מיט אַ סטראָפע, אין וועלכער עס הערט זיך אַ וואָרנונג וועגן אידישן אומקום. עס קומט דאָרט אויך צום אויסדרוק דער באַגער, וואָס האָט געטליעט אין געמיט פון יעדן פרומען איד, צו שטאַרבן אין ארץ ישראל:

און אויב אינגיכן איז אומקום דיר באַשערט,
שטאַרב נישט דאָ, אויף פרעמדער, קאַלטער ערד,
נאָר דאָרט אין לאַנד פון אַנדערע קאַיאָרן,
וואו האָסט גליק פאַרזוכט אין דיינע יונגע יאָרן.

מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ערענבורג געוואָרן דער קאָרעספּאָנדענט פון מערב־פראָנט פאַר אַ פּעטערבורגער צייטונג. די קריגס־רעפּאָרטאַזשן און לידער, וואָס ערענבורג האָט גע־שריבן, זיינען פול מיט האַס קעגן די דייטשן — אַ האַס, וואָס איז אין ערענבורגס רעפּאָרטאַזשן וועגן דער צווייטער וועלט־מלחמה אויסגע־וואַקסן צו אַ מעכטיקן וואָפן קעגן היטלערס אַרמייען. אין אַ שפּילעוודיקן עפּיגראַם, וואָס ערענבורג האָט געשריבן אין יאָר 1915, זיינען פאַראַן די פאָלגנדיקע שורות:

שוועסטערל, האַרמאַטעלע,
מיין טייער האַרמאַטשיקל!
הערצעלע, נשמה׳לע,
אָ, פינפאונזיבעציקל!
האַק זיי די דייטשעלעך,
די ראָזעווע פרייסעלעך.

---

*) אַ זעלטענער עקזעמפּליאַר פון דער דאָזיקער לידער־זאַמלונג איז געפונען געוואָרן אין דער ביבליאָטעק פון ירושלימער אוניווערזיטעט — ביים קאַטאַלאָגירן לעצטנס באַקומענע פּריוואַטע ביכער־קאָלעקציעס. די אויפדעקונג איז געמאַכט גע־וואָרן דורך דער לייטערין פון דער רוסישער אָפּטיילונג ביי דער ביבליאָטעק, י. ראובני.

פון זעלבן יאָר שטאַמט זײַנס אַ ליד אונטערן נאָמען „ערגעץ אין פּוילן״ וועגן פּאָגראָמירטע שטעטלעך אויף דער פראָנט־ליניע, פּונ־וואַנען אידן אַנטלויפן מיט זייערע קינדער און ספרי־תורה. עס איז אַ קאָמפּליצירט, אימפּרעסיאָניסטיש ליד, דורכגעפלאָכטן מיט תפלה׳דיקע, פאָלקסטימלעכע טענער און דאָס אין אַזאַ פאַרביקער אָנאָמאַטאָפּעיע, וואָס מאַכט אוממעגלעך איבערצוזעצן די דאָזיקע סטראָפן. דער לייט־מאָטיוו פון דעם ליד איז די אומענדלעכקייט פון אידישע לײַדן און די אייביקייט פון אידישן פאָלק, מיט וועלכן דער פּאָעט אידענטיפיצירט זיך.

די מאַמע זינגט איר יאָסעלען אַ וויג־ליד וועגן ביטערן אידישן גורל: „זיי האָבן דעם זיידן געהרגעט און וועלן אויך הרגענען דיך!״ דאַן קומט אַ מערקווירדיקער אימאַזש וועגן די פלאַמען, וואָס פאַרלענדן אפילו דעם שניי, אָבער האָבן נישט קיין שליטה אויף דער ספר־תורה.

אין 1917, בעת דער פעברואַר־רעוואָלוציע, איז ערענבורג צוריק־געפאָרן קיין פּעטערבורג, דאַן אַריבער קיין מאָסקווע, וואו ער האָט זיך שנעל אַרויסגערוקט ווי איינער פון די פּראָדוקטיוווסטע יונגע שרייבער. דער טעראָר פון דער אָקטאָבער־איבערקערעניש האָט אים אָבער אַזוי דערשיטערט, אַז ער האָט געמאַכט אַ שפּרונג פון איין עקסטרעם צום צווייטן. ער האָט דאַן אָנגעשריבן זײַן ליד „אַ תפילה פאַר רוסלאַנד״, וועגן וועלכן מען האָט ערענבורגן דערמאָנט יעדעס מאָל, ווען ער איז געקומען אין קאָנפליקט מיט סטאַלינס אָדער כרושטשאָווס קולטור־קאָמיסאַרן. דאָס לעצטע מאָל האָט דאָס געטאָן, אין יאָר 1963, איליטשעוו, בעת דער שטורמישער דעבאַטע וועגן די רעבעליאַנטישע שרייבער און קינסטלער.

אין אָט־דעם ליד, וואָס ערענבורג האָט אָנגעשריבן סוף 1917, איז געקומען צום אויסדרוק נישט נאָר זײַן צאָרן קעגן באָלשעוויזם, נאָר אויך זײַן ווײ־געשרײ אויף דעם חורבן פון די „ווײַסע קירכעס מיט די הימל־בלויע טורעמס״. ערענבורג האָט אָבער אויך דאַן שאַרף אַטאַקירט די ווײַס־גוואַרדייאישע גענעראַלן, וועלכע האָבן געמאַכט פּאָגראָמען אויף

אידן. אַזוי־אַרום האָט ערענבורג שוין דאַן זיך געפונען צווישן צוויי פייערן, ווי דאָס האָט אָפט פּאַסירט אין זיין שטורמישן לעבן.

אין דעמאָלטיקן פּעריאָד פון בירגער־קריג, האָט ערענבורג געלעבט אין זיין געבורטס־שטאָט, קיעוו, וואו די רעזשימען האָבן זיך כסדר געביטן. ער איז געווען אַ מיטאַרבעטער פון דער טאָג־צייטונג „קיעווסקאַיאַ זשיזן" און אין זיינע אַרטיקלען האָט ער פאַרנומען אַן אויסגעשפּראָכענע אַנטי־באָלשעוויסטישע שטעלונג. ער האָט אָבער אין דער זעלבער צייט שאַרף באַקעמפט די ווייס־גוואַרדייאישע גענעראַלן, וועלכע האָבן געוואָלט ראַטעווען רוסלאַנד — דורך פּאָגראָמען אויף אידן.

וועגן דעם דאָזיקן צייט־אָפּשניט אין לעבן פון איליאַ ערענבורג האָט אַרויסגעבראַכט אַן אינטערעסאַנטן עפּיזאָד גרשון סוועט, וועלכער האָט מיטגעאַרבעט אין דער זעלבער צייטונג. אין אַ געוויסן אָוונט האָט אין לאָקאַל פון „קיעווסקאַיאַ זשיזן" זיך אַריינגעריסן אַ גרופּע אָפיצירן פון דעניקינ׳ס אַרמיי און געזוכט ערענבורגן. די זעצערס האָבן שנעל פאַרשטעקט ערענבורגן אויף די הינטערשטע טרעפּ פון דער דרוקעריי און געזאָגט די אָפיצירן, אַז ער איז נאָך נישט געקומען צו דער אַרבעט און — זיי זיינען אַוועק. די זעצערס האָבן אָבער געוואָרנט ערענבורגן, אַז ער זאָל בלייבן זיצן אויף די טרעפּ, ווייל די ווייס־גוואַרדייער קענען נאָך אַמאָל צוריק־קומען, ווי דאָס איז טאַקע געשען. ערענבורג איז אַזוי פאַרבליבן אויף די טרעפּ אַ גאַנצע נאַכט און עטלעכע טעג שפּעטער איז אין „קיעווסקאַיאַ זשיזן" דערשינען אַן אַרטיקל פון איליאַ ערענבורג א. נ. „געדאַנקען אויף די טרעפּ". ווי גרשון סוועט דערציילט („אויפבאַו", דעם 8טן סעפּטעמבער, 1967) האָט דער אַרטיקל זיך אָנגעהויבן מיט פאָלגנדיקע ווערטער:

„איך, אליהו (איליאַ) ערענבורג, אַ קיעווער איד, אַ רוסישער פּאָעט, דער מחבר פון דעם ליד ׳א תפילה פאַר רוסלאַנד׳, בין אָפּגעזעסן אַ גאַנצע נאַכט אויף די טרעפּ אין הויז פון דער רעדאַקציע, וואו איך אַרבעט, ווייל דעניקינשע אָפיצירן האָבן מיך געוואָלט דערהרגענען".

VII

# דער אידישער תלמיד פון כוליאָ כורעניטאָ

אין יאָר 1921 האָט ערענבורג פאַרלאָזט רוסלאַנד. קיין פאַריז האָט מען אים נישט אַריינגעלאָזט, ווייל מען האָט אים חושד־געווען, אַז ער איז אַ באָלשעוויסטישער אַגענט. ער האָט דאַן אַ צייט געלעבט אין בריסל און אין בערלין, וואו ער האָט פאַרענדיקט דעם ערשטן ראָמאַן — „די אויסטערלישע איבערלעבונגען פון כוליאָ כורעניטאָ און זיינע תלמי־דים" — אַ בייסיקע סאַטירע וועגן די פאַרשידנסטע פראָבלעמען אין דער מערב־וועלט און אין סאָוועט־רוסלאַנד, אייגעשלאָסן די אייביקע „אידישע פראַגע". די דאָזיקע פראָבלעמען ווערן אַנאַליזירט אין די דיסקוסיעס צווישן דעם לערער כוליאָ כורעניטאָ און זיינע תלמידים פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן. צווישן זיי געפינט זיך אויך דער מחבר, וועלכער רעדט וועגן זיך אין דער ערשטער פערזאָן און אידענטיפיצירט זיך ווי אַ איד.

אין אַן איינלייטונג, וואָס ערענבורג האָט אָנגעשריבן צו די שפּע־טערדיקע אויסגאַבן פון דעם בוך אין דער מערב־וועלט, רעדט ער וועגן דער געשטאַלט פון כוליאָ כורעניטאָ ווי וועגן אַ לערער, וועלכער האָט פאַרלעצט אַלע פּרינציפּן פון געזעץ און אויב מען וואָלט אים געשטעלט פאַר אַ געריכט — אפילו פאַר אַ רעוואָלוציאָנערן טריבונאַל — וואָלט

מען אים פאַר׳משפט ווי אַ „פאַררעטער״, ליגנער, העצער און „אַזשאַן־פּראָוואָקאַטער״. ערענבורג מאַכט אָבער דעם ציניש אויספיר, אַז דער „אַזשאַן־פּראָוואָקאַטער איז די מעכטיקע הייבאַם פון דער געשיכטע״.

דורך דעם פעריאָד פון סטאַלין־רעזשים, ווען די ליטעראַטור איז געווען באַהערשט דורך דער זשדאַנאָוו־ליניע פון סאָץ־רעאַליזם איז „כוליאָ כורעניטאָ״ געווען פאַרבאָטן. ערשט אין די לעצטע יאָרן איז דער ראָמאַן איבערגעדרוקט געוואָרן, אָבער אָן דעם קאַפּיטל וועגן לענינען, וואָס טראָגט דעם נאָמען: „דער גרויס־אינקוויזיטאָר, אָן דער לעגענדע״.

אין דעם דאָזיקן קאַפּיטל דערציילט זיך, ווי אַזוי כוליאָ כורעניטאָ און זיין תלמיד, דער מחבר, קומען אויף אַ באַזוך צו לענינען אין מאָסקווע. דער תלמיד בלייבט שטיין ביי דער קרעמל־טיר און וואַקלט זיך אַריינצוגיין, ווייל ער שרעקט זיך צו באַגעגענען פּנים־אל־פּנים מיט דעם מעכטיקן לענין, וועלכער איז נאָך מיט פינף יאָר צוריק געווען זיין שכן אין פּאַריז און פלעגט זיך אָפט טרעפן מיט אים אין אַ קאַפע אויף מאָנפּאַרנאַס ביי אַ גלאָז ביר.

ווען כוליאָ כורעניטאָ שטעלט לענינען אַ פראַגע וועגן קונסט, ענטפערט ער אים, אַז וועגן דעם זאָל ער זיך בעסער ווענדן צו לונאַטשאַרסקי׳ן. דערפאַר אָבער ענטפערט לענין אָן שום וואַקלעניש אויף די פראַגן פון כוליאָ כורעניטאָ וועגן די מאַסן־עקזעקוציעס, וואָס ער באַרעכטיקט ווי אַ געשיכטלעכע נויטווענדיקייט און פאַרענדיקט: „איך וועל זיך נישט פאַרשטעקן הינטער די איקאָנעס, מתפּלל־זיין פאַר מיינע זינד און וואַשן די הענט. עס איז שווער, אָבער מען מוז עס טאָן״.

די „שטורמישע איבערלעבונגען פון כוליאָ כורעניטאָ און זיינע תלמידים״ הויבן זיך אָן אין יאָר 1913 אין אַ פּאַריזער קאַפע. פון פּאַריז האָבן זיי געוואַנדערט איבער פאַרשידענע לענדער, געפירט היציקע דיסקוסיעס און אויפן „באַפעל פון לערער״ האָט זיין אידישער תלמיד דאָס אַלץ פאַרשריבן.

בעת איינעם פון די דאָזיקע וויכוחים האָט דער לערער געפרעגט זיינע תלמידים, וואָס זיי וואָלטן געטאָן, ווען מען וואָלט פון דער מענטש־לעכער שפּראַך זיי געהייסן אויסקלייבן בלויז איינס פון די צוויי ווער־טער: „יאָ", אָדער „ניין"?

דער ערשטער ענטפערט דער אַמעריקאַנער, מר. קוהל, וועלכער דערקלערט, אַז ער וואָלט אויסגעקליבן „יאָ", ווייל „ניין" איז „קעגן דער מאָראַל". דאָס זעלבע ענטפערן די אַנדערע תלמידים, וועלכע מאָטיווירן דאָס אויף פאַרשידענע אופנים. בלויז דער מחבר, דער בישט־קאָנפאָרמיסט, זאָגט, אַז ער וואָלט איבערגעלאָזט דאָס וואָרט „ניין".

דערויף האָט דער לערער מיט טריאומף אויסגערופן: „איר זעט, אַז איך בין גערעכט געווען. עס איז פאָרגעקומען די נאַטירלעכע שפּאַל־טונג. אונזער איד איז געבליבן אַליין..."

אין דעם בוך זיינען פאַראַן גרויליקע וויזיעס וועגן דער צוקונפט, וואָס האָבן אין די צוואַנציקער יאָרן אויסגעזעזן ווי קראַנקהאַפטע חלומות פון אַ ניהיליסט, וועלכער האָט נישט קיין שום אמונה אין דער מענטש־הייט. די דאָזיקע שוידערלעכע זעאונגען פון איליאַ ערענבורג זיינען אָבער, ליידער, פאַרווירקלעכט געוואָרן גאָר שנעל.

צווישן די תלמידים פון כוליאָ כורעניטאָ איז אויך געווען אַ דייטש, הער שמידט — אַ פּראָטאָטיפּ פון די צוקונפטיקע נאַציס. ערענבורג שילדערט אים ווי אַ פאַרשוין, וועלכער „קען זיין גלייכצייטיק אַ נאַציאָ־נאַליסט און אַ סאָציאַליסט".

ווען מען גיט זיך אָפּ אַ דין־וחשבון, אַז דאָס איז געשריבן געוואָרן אין די יאָרן 1920־1921, נאָך פאַר היטלערס מינכענער פּוטש, דאַן איז צו שטוינען, ווי קלאָר ערענבורג האָט פאָראויסגעזען דעם וואוקס פון דער נאַצי־פּאַרטיי, וואָס האָט זיך דאַן ערשט געפונען אין די וויקעלעך. דער דייטשער תלמיד פון כוליאָ כורעניטאָ, הער שמידט, ברענגט אויף פאָלגנדיקן אופן צום אויסדרוק זיין פּראָגראַם פאַר דער צוקונפט: „מען

מוז קאָלאָניזירן רוסלאַנד, צעשטערן פראַנקרייך און ענגלאַנד און איבערלאָזן אַ נאַקעטע די ערד".

הער שמידט לאָזט פאַלן „געדאַנקען", וואָס זיינען שפּעטער ממש וואָרט אין וואָרט איבערגעחזרט געוואָרן דורך היטלער, הימלער און געבעלס: „צו טויטן פאַרן מענטשלעכן וואוילזיין אין שוואַכזיניקן, אָדער צען מיליאָן, איז בלויז אַ פראַגע פון אַריטמעטיק, אָבער פאַרניכטן מוז מען".

אין כוליאַ כורעניטאַ האָט ערענבורג אויך מרמז־געווען וועגן אי־דישן אומקום אונטער די נאַציס. אין קאַפּיטל צוועלף א. ג. „דעם לערערס נביאות וועגן גורל פון שבט יהודה" ווערט געשילדערט די צוגרייטונג „צו אַ פייערלעכן ספּעקטאַקל פאַר דער פאַרניכטונג פון שבט יהודה", וואָס דאַרף אין גיכן זיך אָפּשפּילן אין בודאַפּעסט, קיעוו, יפו, אַלזשיר און אין אַנדערע פּלעצער. דאָס קאַפּיטל הויבט זיך אָן מיט אַ בליץ־עקסקורסיע איבער דער געשיכטע פון אידישן פאָלק — פון מצרים, ביז צו די פּאָגראָמען אין די מאָדערנע צייטן.

דער לערער דיקטירט דעם טעקסט פון דער איינלאַדונג, וואָס דאַרף אַרויסגעשיקט ווערן צו „קאַרדינאַלן, בישאָפן, אַרכימאַנדריטן, בריטישע לאָרדן, רוימישע אַדעליקע, רוסישע ליבעראַלן, פראַנצויזישע זשורנאַ־ליסטן, מיטגלידער פון דער האָהענצאָלערן־משפחה, גריכן, אומאָפּהענ־גיק פון באַרוף, און אַלע אַנדערע, וואָס ווילן בייוואוינען דעם ספּעק־טאַקל". אין דעם טעקסט פון דער איינלאַדונג זאָגט זיך צווישן אַנדערן:

„חוץ דעם טראַדיציאָנעלן פּאָגראָם, וואָס איז אַלעמאָל דער באַ־ליבטער שלאַגער ביים עולם, וועט דער ספּעקטאַקל באַשטיין פון אַ סעריע היסטאָרישע רעקאָנסטרוקציעס אין גייסט פון דער תקופה, ווי למשל: ברענען אידן, באַגראָבן זיי לעבעדיקערהייט, באַשפּריצן די פעלדער מיט אידיש בלוט, ווי אויך פאַרשידענע מאָדערנע מעטאָדן פון עוואַקואַציע און דאָס באַזייטיקן פאַרדעכטיקע עלעמענטן א. אַ. וו.".

„דאָס איז אומגלויבלעך! — שרייט אויס איינער פון די תלמידים

— דאָס צוואַנציקסטע יאָרהונדערט און אַזעלכע עקלהאַפטע מעשים!...
ווי קען איך איבערגעבן אַזאַ איינלאַדונג צו די פּראָפּעסיאָנעלע פּאַר־איינען, איך, וועלכער האָב געלייענט מערעזשקאָווסקי'ן?"

דער לערער ציט אָבער ווייטער דעם פאָדים פון זיינע פינסטערע נביאות: „דערווייל וועט דער שבט דערטרונקען ווערן אין בלוט פון געבורט און אויף די סקוווערן פון אייראָפּע וועט געבוירן ווערן אַן אַנדער קינד, וואָס וועט דעם שבט ווידער פאַרראַטן".

די ערשטע סאָוועטישע אויסגאַבע פון דעם בוך איז דערשינען אין יאָר 1922 מיט אַן הקדמה פון ניקאָלאַי בוכאַרין, וואָס איז פאַר זיך גופא אַ היסטאָרישער דאָקומענט. בוכאַרין, דער באָלשעוויסטישער פירער און מאַרקסיסטישער טעאָרעטיקער, וועלכער איז ליקווידירט געוואָרן בעת די מאָסקווער פּראָצעסן פון יאָר 1937, האָט דעם ערשטלינג־ראָמאַן פון איליאַ ערענבורג באַצייכנט ווי אַן „אינטערעסאַנט, גייסטרייך און קלוג בוך". בוכאַרין האָט קריטיקירט ערענבורגס „אינדיווידואַליסטישן ניהיליזם" און אונטערגעשטראָכן, אַז פון דעם בוך קען מען לייכט דרינגען, אַז דער מחבר „איז נישט קיין קאָמוניסט און גלויבט נישט צו־שטאַרק אין דער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג".

דאָך האָט בוכאַרין רעקאָמענדירט דאָס בוך ווי אַ „פאַרכאַפּנדיקע סאַטירע... אויף די קאָמישע און אָפּשטויסנדיקע דערשיינונגען אונטער אַלע רעזשימען" און אויסגעפירט: „דער מחבר, אַ געוועזענער באָלשע־וויק, קען די קוליסן פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, ער איז אַ מענטש מיט ברייטע האָריזאָנטן, פול מיט וויסן וועגן מערב־אייראָפּע־אישן לעבן; אַ שרייבער מיט אַ שאַרפן אויג און בייסיקער צונג, וועלכער טרעפט אַלעמאָל אין פּינטל אַריין..."

VIII

# מנחם מענדל פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע

דעם הויך־פונקט פון ניהיליזם האָט ערענבורג דערגרייכט אין זיין צווייטן ראָמאַן „דאָס שטורמישע לעבן פון לאַזיק רויטשוואַניעץ״, וואָס איז דערשינען אין פּאַריז אין יאָר 1926. דער הויפּט־העלד איז אַ אידיי־שער שניידער פון האָמעל, אַ מין מאָדערנער מנחם־מענדל, וועלכער פאַר־פּלאָנטערט זיך צווישן די רעדער פון דער רעוואָלוציע, אַנטלויפט אין דער מערב־וועלט און שטאַרבט אין ארץ־ישראל אויפן קבר פון דער מוטער רחל.

אין דעם דאָזיקן ראָמאַן איז שוין פאַראַן די מעטאַפאָרע וועגן דער „לאָטעריע״, וואָס ערענבורג האָט במשך פון לעצטן פערטל־יאָרהונדערט גענוצט ווי אַן ענטפער אויף דער פראַגע וועגן דער רעטעניש פון זיין איבערלעבן דעם סטאַלין־טעראָר.

די מעטאַפאָרע וועגן דער לאָטעריע לייגט ערענבורג אַריין אין מויל פון זיין העלד לאַזיק רויטשוואַניעץ, וועלכער ראַנגלט זיך מיט דער מאַכט־מאַשין פון באָלשעוויסטישן רעזשים. דערביי איז כאַראַק־טעריסטיש, אַז זיינע אַנקלאַגער און פאַרטיידיקער זיינען אידן. עס איז דער פּראָקוראָר, חבר גורעוויטש, און דער פאַרטיידיקער, חבר לאַנדוי,

פון ווענען עס איז אָפּהענגיק, וואָס פאַראַ שטראָף לאַזיק רויטשוואַניעץ זאָל באַקומען דערפאַר, ווייל ער האָט אויסבאַהאַלטן אַ פּאָר הויזן פון דעם פינאַנס־אינספּעקטאָר. דער פּראָקוראָר, גורעוויטש, פאַרלאַנגט, אַז לאַזיק זאָל איינגעזעצט ווערן אויף זעקס חדשים, בעת דער פּאַרטיי־דיקער, חבר לאַנדוי, פּאָדערט, אַז מען זאָל אים באַפרייען.

„פאַרשטייט זיך — זאָגט לאַזיק צו די מיטגלידער פון רעוואָלוציאָנערן טריבונאַל — אַז איך וואָלט בעסער געוואָלט, אַז איר זאָלט פאָלגן דעם חבר לאַנדוי און מיך לאָזן גיין אַהיים... פון דער אַנדערער זייט האָב איך מורא, אַז איר קענט אַמאָל פאָלגן דעם חבר גורעוויטש. דאָס איז דאָך דורכאויס אַ לאָטעריע".

„לאַזיק רויטשוואַניעץ" איז אַ מאָדערנע ווערסיע פון דעם איד, „דעם אייביקן וואַנדערער", וואָס איז אַריין אין דער וועלט־ליטעראַטור מיט דעם מאָנומענטאַלן ראָמאַן פון 19טן יאָרהונדערט פון פראַנצויזישן שרייבער אויזשען סיו.

עס איז אַ מין סירעאַליסטישער ראָמאַן וועגן גורל פון אידן אין סאָוועט־רוסלאַנד, וואָס איז אויך היינט אַזוי אַקטועל. יעדער זייטל שפרודלט מיט גייסטרייך־בליציקע געדאַנקען, וואָס קומען פון די ליפּן פון הויפּט־העלד. אין דער אמתן איז עס איליאַ ערענבורג, וועלכער פאַרשטעלט זיך הינטער דעם האָמלער שניידער און דורך זיין מויל שיט ער פעך און שוועבל אויף די רויטע און שוואַרצע ביוראָקראַטן, וועלכע רודפן דעם אינדיווידואַליסטישן יחיד, בפרט ווען ער איז אַ איד.

פאַר די אומגעהויבלעוועטע האָמלער ביוראָקראַטן פון יונגן באָלשעוויסטישן רעזשים איז אַפילו פאַרדעכטיק געווען דער נאָמען „רויט־שוואַניעץ". זיי האָבן געגלויבט, אַז לאַזיק, אָדער לייזער, האָט בכיוון צוגעטשעפּעט צו זיין נאָמען דעם אַדיעקטיוו „רויט", כדי זיך צוצופּאַסן צו דער נייער צייט, ווען פאַרשידענע פלעצער, בנינים און אינסטיטוציעס זיינען באַצייכנט געוואָרן ווי „רויט". לאַזיק שווערט אָבער, אַז ער הייסט רויטשוואַניעץ פון געבורט אָן.

אין זיינע וויכוחים מיט די באָלשעוויסטישע ביוראָקראַטן ציטירט לאַזיק פסוקים פון תנ״ך און תלמוד, בכדי צו באַווייזן, אַז די מאַרקסיס־טישע טעאָריעס זיינען גאָרנישט אַזעלכע גוואַלדיקע חידושים. די ענטפערס פון די קאָמיסאַרן וועגן דער פינסטערער רעאַקציע פון אידישן קלעריקאַליזם זיינען ווי צוויי טראָפּנס ענלעך צו די בלבולים קעגן דער אידישער אמונה אין דעם טרויעריק־באַרימטן בוך פון טראָפים קיטשקאָ „יודאַאיזם אָן באַפּוצונגען״.

לאַזיק וואַנדערט פון שטאָט צו שטאָט, פון גובערניע צו גובערניע, און ענדערט כסדר זיינע פּראָפעסיעס. דערביי האַלט ער אין איין אויס־פילן בערג מיט פראַגע־בויגנס. מיטאַמאָל אַנטפּלעקט ער זיך גאָר ווי אַ שרייבער און ווערט שנעל פּאָפּולער אין די ליטעראַרישע קרייזן אין מאָסקווע. ער קומט אין רעדאַקציעס, נעמט אַוואַנסן אויף פאַרשידענע אַרבעטן, באַטייליקט זיך אין ליטעראַרישע דיסקוסיעס און פאַרמעסט זיך אַפילו צו ווערן סעקרעטאַר פון דער אַקאַדעמיע.

לאַזיק אַנטלויפט פון מאָסקווע, ביים שמוגלען די גרענעץ פאַלט ער אַריין אין די הענט פון דער פוילישער זשאַנדאַרמעריע. דער וויכוח, וואָס אַנטוויקלט זיך צווישן לאַזיק רויטשוואַניעץ און דעם פוילישן אָפיציר, דערמאָנט די דיאַלאָגן אין פראַנץ ווערפעל׳ס קאָמעדיע: „יאַקו־באָווסקי און דער קאָלאָנעל״. דער אָפיציר באַפעלט לאַזיק׳ן צו זינגען דעם פוילישן נאַציאָנאַלן הימן: „נאָך איז פוילן נישט פאַרלוירן״ און דאַן שיקט ער אים אָפּ אין תפיסה.

נאָך דער באַפרייאונג וואַנדערט לאַזיק איבער פאַרשידענע פוילישע שטעט — גראָדנע, ווילנע, לעמבערג, ביז ער דערשלאָגט זיך קיין וואַרשע. ער ווערט אָבער אינגיכן אַרויסגעשיקט פון פוילן. ער קומט אָן קיין דייטשלאַנד, וואו עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז „אַלע אַרום רעדן אידיש, נאָר דער אידיש איז אַביסל קאַליע געמאַכט״. ער האָט אַפילו מיט באַגייסטערונג אַ שעפּטשע־געטאָן צום נאַטשאַלניק פון דער סטאַנציע: „וואָס מאַכט אַ איד?״

ווידעראַמאָל נעמט זיך לאַזיק צו פאַרשידענע באַרופן און באַקומט אַפילו אַ פאָרשלאַג צו שפּילן אין אַ פילם. די מיוחס׳דיקע דייטשע אידן טרייבן פון זיך דעם „אָסט־יודע״ און לאַזיק ווערט אַרעסטירט פאַר „בעטלעריי״. אין פראַנקפורט־אַם־מיין ווערט ער אַ משגיח איבער אַ כשר׳ן רעסטאָראַן און פסקנ׳ט אַפילו שאלות.

דאַן קומט לאַזיק אָן קיין פּאַריז, וואו ער פאַלט אַריין אין דער סביבה פון רוסישע עמיגראַנטן, ווייס־גוואַרדייצעס, וועלכע נעמען אים עקס־פּלאָאַטירן פאַר זייער אַנטי־סאָוועטישער פּראָפּאַגאַנדע. לאַזיק אַנט־לויפט פון זיי און טויכט־אויף אויפן מאָנפּאַרנאַס, וואו ער ווערט אַ היימישער מענטש אין דער סביבה פון שרייבער און קינסטלער. זיין שטאַם־קאַפע ווערט די „ראָטאָנד״, וואו איליאַ ערענבורג האָט יאָרן־לאַנג געהאַט זיין פערמאַנענטן ווינקל. אין אָט־דער קאַפע האָט ערענבורג טאָקע געשריבן די עפּאָפּייע וועגן לאַזיק רויטשוואַניעץ, וואָס איז אייגנטלעך אַ מין קרומער שפּיגל פון זיינע אייגענע איבערלעבונגען. לאַזיק זעצט פאָר זיינע וואַנדערונגען איבער איראָפּע און אין ענגלאַנד ווערט ער אַרעסטירט אונטערן חשד, אַז ער איז אַ „סאָוועטישער שפּיאָן״. ענדלעך דערשלאָגט ער זיך קיין ליווערפּול און אין פּאָרט באַמערקט ער אַ מחנה אידן מיט אַן אָרקעסטער, וואָס שפּילט היימישע אידישע ניגונים. ווען ער דערוויסט זיך, אַז דאָס פאָרן אידן קיין ארץ־ישראל, כאַפּט ער זיך אַרויף אויף דער שיף און פאָרט מיט.

עס קומען דאַן שילדערונגען וועגן די אידן פון פאַרשידענע עקן וועלט, וואָס פאָרן קיין ארץ־ישראל. לאַזיק פּוצט די שיך ביי די פּאַסאַ־זשירן פון ערשטן קלאַס, כדי צו פאַרדינען אַ פּאָר גראָשן. פאַר די רייכע ניו־יאָרקער אידן איז דער אויסגעמאָגערטער לאַזיק אַ רעטעניש און זיי פּרובירן אים אַריינציען אין אַ געשפּרעך, אָבער לאַזיק ענטפערט:

„איך דאַרף פּוצן שיך. רעדן בין איך נישט מחויב. איך האָב שוין אין מיין לעבן גענוג זיך אָנגערעדט. ווען איר וואָלט מיך געזען אַ נאַקעטן, וואָלט איר זיכער אַ קוויטש־געטאָן, ווייל דאָרט איז נישטאָ

קיין פיצל אָרט אָן אַ חתימה, גלייך ווי מיין טרויעריקער קערפּער וואָלט געווען אַ פּאַספּאָרט״.

לאַזיק איז מסביר דעם אַמעריקאַנער איד די מעטאַפֿאָרע וועגן דעם פּאַספּאָרט. ער דערציילט אים, אַז אין זיינע וואַנדערונגען איבער פאַרשידענע לענדער, האָט מען אים אומעטום געשלאָגן, ווי באַר ער האָט געעפּנט דאָס מויל און זיין קערפּער איז דעריבער פול מיט וואונדן. טאַקע דערפאַר האָט ער באַשלאָסן צו פאָרן קיין ארץ־ישראל, ווייל ער האָפט, אַז דאָרט וועט ער ענדלעך געפינען מנוחה.

ער קומט אָן קיין תל־אָביב, וואו ער פאַלט אַ קרבן פון אַ געשלעגערײַ צווישן אַנהענגער פון אידיש און העברעאיש. ער ווערט אַרעסטירט און נאָכן אָפּזיצן צוויי חדשים אין תפיסה קומט ער אָן קיין ירושלים און „דערשלעפּט זיך צו דער כותל־מערבי״.

צוזאַמען מיט די הונדערטער אידן, וואָס האָבן מתפלל־געווען ביי דער כותל־מערבי, האָט אויך לאַזיק רויטשוואַניעץ געגומען מיטיאָמערן אויפן חרוב־געוואָרענעם בית־המקדש. מיטאַמאָל איז ער אָבער דורכגענומען געוואָרן פון נאָסטאַלגיע נאָך זיין היים־שטאָט האָמעל. ער האָט אַפילו פּרובירט שאַפן אַ פאַרבאַנד פון אידן, וואָס ווילן זיך צוריק אומקערן אין זייערע היים־שטעטלעך. עס פאַלט דעריבער אויף אים אַ פאַרדאַכט, אַז ער איז אַן אַגיטאַטאָר, וועלכער וויל צורעדן אידן, אַז זיי זאָלן פאַרלאָזן ארץ־ישראל. ער אַנטלויפט פאַר די אויפגעצאָרנטע אידן און לויפנדיק אַזוי קומט ער אָן צום „קבר פון דער מאַמע רחל״, וואו ער פאַלט אַוועק אָן אָטעם, דורכגענומען מיט אַ באַגער דאָ צו שטאַרבן. דער וועכטער שרייט אָבער אויף אים אָן:

„...אויב יעדן שנאָרער וועט איינפאַלן צו שטאַרבן אויף אַזאַ הייליק אָרט, וואָס וועט דאַן ווערן? גיי שטאַרבן אויפן מיסט־קאַסטן! דער קבר פון דער מאַמע רחל איז נישט געבויט געוואָרן פאַר דיר. ער איז געמאַכט געוואָרן פאַר לייטישע מענטשן״.

לאַזיק רירט זיך אָבער נישט פון אָרט. פאַר זיינע אויגן גייען פאַרביי

די בילדער פון זיינע וואַנדערונגען איבער צוואַנציק לענדער און טראַכטנדיק אַזוי וועגן זיינע גערנגלעניש זאָגט ער צום ווערטער:
„איך וועל אייך באַלד דערציילן מיין לעצט מעשה׳לע. דאָס וועט זיין אַ געשיכטע וועגן אַ פייפל״.

עס קומט דאָן אַן עכט־קינסטלערישע פּאַראַפראַזירונג פון דער לעגענדע וועגן בעל־שם־טוב, וועלכער איז ביי נעילה געשטאַנען אַ צעבראָכענער, מתפלל געווען פאַרן פאָלק ישראל, אָבער האָט געפילט, אַז זיינע קולות דערגייען נישט צום הימל. פּלוצים האָט אַ פיר־יעריק אינגל פון אַן אָרעמען שניידער אַ פייף־געטאָן אויף אַ בלעכן פייפעלע און דער עולם האָט מיטאַמאָל דערפילט, אַז גאָט האָט זיי מוחל געווען אַלע זינד.

ווי נאָר לאַזיק האָט געענדיקט דערציילן די געשיכטע פונעם פייפל האָט ער אויסגעהויכט דעם לעצטן אָטעם און די שטורמישע לעבנס־געשיכטע פון לאַזיק רויטשוואַניעץ פאַרענדיקט זיך מיט דער פאָלגנדי־קער שילדערונג:

„לאַזיק איז געלעגן אומבאַוועגלעך. ער האָט שוין מער נישט גע־אָטעמט. אויף זיין טויט פנים האָט געהויערט אַ קינדערשער שמייכל. אָט־אַזוי האָט געשמייכלט דער קליינער יאַשקע, ווען מ׳האָט אים דער־לויבט אַ בלאָז־טאָן אין פייפל אַריין. דערזעענדיק לאַזיק׳ס שמייכל איז דער וועכטער פאַרשטאַרט געוואָרן. ער האָט פאַרגעסן וועגן געלט פאַר דער לוויה. ער האָט נישט גענומען זאָגן די געוויינלעכע תפילות און אַראָפּלאָזנדיק דאָס ליכט אויף דער פּאָדלאָגע, האָט ער זיך צע־וויינט מיט לעבעדיקע טרערן: שלאָף רואיק, אָרעמער רויטשוואַניעץ! מער וועסטו שוין נישט חלומען וועגן דער גרויסער גערעכטיקייט, און אַפילו נישט וועגן אַ קליינטשיק שטיקעלע וואורשט״.

אין זיינע מעמוארן דערציילט ערענבורג וועגן דעם שטורעם, וואָס לאַזיק רויטשוואַניעץ האָט אַרויסגערופן אין מערב־אייראָפּע און אויך

אין סאָוועט־רוסלאַנד, וואו דער ראָמאַן איז קיינמאָל נישט דערשינען, אָבער איז דאָך דערגאַנגען אַהין אויף פאַרשידענע וועגן. ער כאַראַקטעריזירט דאָס בוך ווי אַ סאַטירע אויף די פּראָווינציעלע סאָוועטישע ביוראָקראַטן און די „נעפ“־מענטשן, און באַמערקט, אַז די מערב־אייראָפּעאישע קריטיקער האָבן לאַזיקן באַצייכנט ווי דעם „אידישן סאָלדאַט שווייק“.

ביז גאָר סימפּטאָמאַטיש איז ערענבורג׳ס אויפקלערונג, פאַרוואָס ער האָט דעם ראָמאַן נישט איינגעשלאָסן אין די געזאַמלטע ווערק, וואָס זיינען דערשינען צו זיין 70טן געבורטסטאָג. ער באַמערקט, אַז דעם לאַזיקן באַשלוס האָט ער געמאַכט נישט דערפאַר, ווייל ער האָט דעם ראָמאַן באַטראַכט פאַר „קינסטלעריש שוואַך“ — נאָר ווייל ער האָט געהאַלטן, אַז נאָך די נאַצישע אַכזריות לגבי אידן איז געווען פריצייטיק צו פאַרעפנטלעכן אין סאָוועט־רוסלאַנד אַזאַ בוך, אין וועלכן „דער אידישער הויפּט־העלד ווערט געשילדערט אויף אַזאַ גראָטעסקן אופן...“

IX

# פרץ מאַרקיש און דאָס פּאָעטישע פּייפל

די חסידישע מעשה וועגן דעם פּייפל, וואָס ערענבורג האָט געניצט אין עפּילאָג פון זיין ראָמאַן וועגן לאַזיק רויטשוואַניעץ, האָט ער געהערט ביי אַ טישל אין דער פּאַריזער קאַפע „לאַ ראָטאָנד", וואו ער איז אַמאָל געזעסן צוזאַמען מיט פּרץ מאַרקיש, עוזר וואַרשאַווסקי און עפּעס אַ אידישן מאָלער פון בעסאַראַביע, וועמענס נאָמען ער גיט נישט אָן. ערענבורג דערציילט וועגן דעם אין דריטן באַנד פון זיינע מעמואַרן. ער דערמאָנט נישט, ווער עס האָט די מעשה דערציילט. ער שטרייכט אָבער אונטער, אַז פּרץ מאַרקיש האָט פּאַטעטיש אויסגערופן: „דאָס איז דאָך דער תמצית פון קונסט".

מאַרקיש האָט דאַן ערענבורגן באַגלייט ביז צום ראָג פון דער גאַס און אָנבינדנדיק צו דער געשיכטע מיטן פּייפל האָט ער געזאָגט: „איצט איז אָבער דאָס פּייפל ווייניק. איצט דאַרף מען דעם טרומייט פון מאַ־יאַקאָווסקין". ווי ערענבורג איז דאַן ווייטער מסביר, איז אין אָט־דעם זאָג געקומען צום אויסדרוק מאַרקיש׳עס פּאָעטישער אַני־מאַמין.

„ער איז געבוירן געוואָרן נישט פאַר די שרייענדיקע סלאָגאַנס — זעצט ערענבורג פאָר — נישט פאַר עפּישע פּאָעמען. ער איז געווען אַ

פּאָעט מיט אַ פּיפל, וואָס האָט אַרויסגעגעבן לויטערע, טיף־אַריינ־דרינגנדיקע קלאַנגען. אָבער דער אויסגעטרוימטער גאָט, וועלכער קען אַמאָל אַ שמייכל־טאָן, האָט זיך נישט באַוויזן. די צייט איז געווען אַ רויִשיקע און די אויערן פון מענטשן האָבן אָפּט נישט באַנומען קיין מוזיק״.

פון דער דאָזיקער בליציקער באַמערקונג וועגן קינדערישן פּיפּל און מאַיאַקאָווסקי׳ס טרומייט, גייט דאַן ערענבורג אַריבער צו שילדערן מאַרקיש׳עס ראָל אין דער אידישער דיכטונג און זיין געראַנגל מיט דער האַרטער סאָוועטישער ווירקלעכקייט. ער אַנאַליזירט מאַרקיש׳עס ערשטע פּאָעמע „די קופּע״, געווידמעט דעם פּאָגראָם אין גאָראָדישטש, און דאָס לעצטע פּראָזע־ווערק וועגן וואַרשעווער געטאָ, וואָס דער טראַגיש־אומגעבראַכטער פּרץ מאַרקיש האָט איבערגעלאָזט אין כתב־יד און איז ערשט אין 1967 דערשינען אין בוך־פאָרם. ער ברענגט ציטאַטן פון מאַרקיש׳עס לידער פול מיט טראַגישע אַקצענטן און פאַרגלייכט דעם גורל פון פּרץ מאַרקיש צו דעם שפּאַניש־אידישן פּאָעט פון 15טן יאָרהונדערט, ר׳ שם־טוב, וועמען דער שפּאַנישער קעניג פּעדראָ דער גרויזאַמער, וועלכער האָט געליטן פון שלאָפלאָזיקייט, האָט באַפוילן צו שרייבן פאַר אים לויב־לידער, אָבער ר׳ שם־טוב האָט זיך נישט אונ־טערגעגעבן. נאָך דעם פיל־זאָגנדיקן רמז קומען די פאָלגנדיקע, רירנ־דיקע שורות וועגן פּרץ מאַרקיש:

„איך פלעג זיך מיט אים טרעפן נישט צו־אָפט. מיר האָבן געלעבט אין פאַרשידענע וועלטן. יעדעס מאָל אָבער ווען איך האָב זיך באַגעגנט מיט מאַרקישן, האָב איך געפילט, אַז פאַר מיר שטייט אַ וואונדערבאַ־רער מענטש, אַ פּאָעט און אַ רעוואָלוציאָנער, וועלכער וועט קיינעם אומזיסט נישט באַליידיקן, וועט נישט פאַרראַטן קיין פריינט און וועט זיך נישט אָפּקערן פון דעם, אויף וועמען עס לויערט אַן אומגליק״.

ערענבורג דערציילט, אַז דאָס לעצטע מאָל האָט ער זיך געטראָפן

מיט מאַרקישן אויף דער לוויה פון פּאָעט מיכאַיל גאָלאָדני. דאָס איז געווען דעם 23טן יאַנואַר, 1949. פיר טעג שפּעטער, דעם 27טן יאַנואַר, איז מאַרקיש אַרעסטירט געוואָרן און דעם 12טן אויגוסט, 1952, איז ער אומגעבראַכט געוואָרן.

ווען מען לייענט ערענבורג׳ס זכרונות, פול מיט גרענעצלאָזער פאַרהערלעכונג פאַר פּרץ מאַרקישן, דעם פּאָעט און מענטש, קלינגען אויסטערליש די באַהויפּטונגען וועגן דעם, אַז ערענבורג זאָל האָבן עדות־געזאָגט קעגן מאַרקישן אויף דעם כלומרשטן פּראָצעס קעגן די אידישע שרייבער, אָדער אַז ערענבורג זאָל האָבן דערקלערט, אַז ער האָט מאַרקישן נישט געקענט. וועגן דער אומזיניקייט פון די דאָזיקע אינסינואַציעס האָב איך זיך איבערצייגט נישט נאָר פון דעם צאָרנדיקן אופן, ווי ערנעבורג האָט גערעדט וועגן די דאָזיקע אָנקלאַגעס, נאָר אויך פון מיינע געשפּרעכן מיט מאַרקיש׳עס זין, שמעון און דוד, און מיט אסתר מאַרקיש, די אלמנה פון דעם מאַרטירערישן פּאָעט.

אין לאַזיק רויטשוואַניעץ האָט ערענבורג איינגעשלאָסן נישט נאָר די מעשה מיטן פייפל, וואָס ער האָט געהערט בעת זיין באַגעגעניש מיט מאַרקישן, נאָר ער האָט אויך פאַראַפראַזירט די פאַרביקע שיל־דערונג וועגן די מיטלאַלטערלעכע קאַרנאַוואַל־פייערונגען אין רוים מיט באַקעטע אידישע לויפערס, וואָס די אידישע קהילה האָט געמוזט צושטעלן. דאָס האָט אים מיט יאָרן פריער אין דער זעלבער קאַפע דערציילט דער גרויסער אידיש־איטאַליענישער מאָלער אַמאַדעאָ מאָדי־ליאַני. ערענבורג שטרייכט דערביי אונטער, אַז דער טיף־אַסימילירטער מאָדיליאַני איז געווען אַ שטאָלצער איד און ער פלעגט אויפן פאַריזער מאָנפּאַרנאַס געבן קלעפּ פאַר אַנטיסעמיטישע באַמערקונגען, וואָס ער האָט צופעליק אויפגעכאַפּט ביי אַ שכנותדיקן קאַפע־טישל.

X

# די אומבאַרופענע אָנקלאָגער

צו די שאַרפסטע אַנטאַגאָניסטן פון איליאַ ערענבורג אין דער אידיי־שער וועלט האָבן געהערט שרייבער מיט אַ קאָמוניסטישער אָדער פּראָ־קאָמוניסטישער פאַרגאַנגענהייט, באַזונדערס די, וועלכע האָבן די מלחמה־יאָרן איבערגעלעבט אין סאָוועט־רוסלאַנד און האָבן אויף זייער ליטע־ראַרישער קאָנטאָ נישט איין ליד וועגן סטאַלינען.

האָט עקזיסטירט אַן אָפיציעלער אוקאַז צו שרייבן סטאַלין־לידער? דער פאַקט, אַז אַזעלכע שרייבער ווי באָריס פּאַסטערנאַק, קאָנסטאַנטין פּאַוסטאָווסקי און קאָרנעי טשוקאָווסקי האָבן איבערגעלעבט די סטאַלין־תקופה, נישט האָבנדיק מטמא־געמאַכט זייער פּען מיט חניפה פאַרן אָפּגאָט פון קרעמל, איז אַ באַווייז, אַז עס האָט נישט עקזיסטירט קיין צוואַנג. ערענבורג אַליין גיט צו מיט דער גאַנצער אָפנהאַרציקייט, אַז ער איז נישט געצוואונגען געוואָרן מיטצומאַכן דעם סטאַלין־קולט. אין זיינע מעמואַרן זאָגט ער וועגן דעם:

„אמונה, ענלעך ווי שרעק און אַנדערע געפילן, איז אַנשטעקנדיק. הגם איך בין דערצויגן געוואָרן אין פרייַדענקערישן גייסט פון 19טן יאָרהונדערט און האָב אָנגעשריבן „כוליאָ כורעניטאָ", וואו איך האָב

אויסגעלאַכט אַלע דאָגמעס, בין איך דאָך נישט געווען פֿולשטענדיק אַסעקורירט קעגן דער עפּידעמיע פֿון סטאַלין־קולט".

צו ערענבורג'ס שאַרפֿע קריטיקער געהערן אויך שרייבער, וועלכע האָבן דעם סטאַלין־קולט מיטגעמאַכט אין דער פֿרייער וועלט און דאָס נישט בלויז אין מליצה'דיקע פּערזן, נאָר אויך אין האַרטער, פּובליציסטישער פּראָזע. די דאָזיקע שרייבער האָבן זיך אָבער נישט געשלאָגן על־חטא, ווי ערענבורג האָט דאָס געטאָן. זיי האָבן נישט דורכגעמאַכט דעם פּרוזדור פֿאַר הכנעה'דיקע בעלי־תשובה, נאָר גלייך זיך אַרויפֿגעכאַפּט אויפֿן בעלעמער ווי תּקיפֿות'דיקע בעלי־מוסר. אַט־די קאַמעלעאָנען, וועלכע בייטן זייער הויט אָן ווייטיק און אָן בושה, האָט ערענבורג געהאַט אין זינען, ווען ער האָט אויף אַ צווייטן אָרט אין זיינע מעמואַרן געשריבן:

„מיין גאַנץ לעבן האָב איך פֿאַר מיין אייגענער באַפֿרידיקונג זיך באַמיט צו פֿאַרבינדן יושר מיט שיינקייט און די נייע סאָציאַלע אָרדענונג — מיט קונסט. די צוויי ערענבורגס אין מיר האָבן זעלטן געלעבט צווישן זיך בשלום. גאַנץ אָפֿט האָט איינער אונטערדריקט און געטראָטן מיט די פֿיס דעם אַנדערן. דאָס איז נישט געווען קיין טאָפּל־שפּיל, נאָר דער שווערער גורל פֿון אַ מענטש, וואָס האָט געמאַכט פֿיל טעותים, אָבער האָט אַלעמאָל געהאַסט פֿאַראַט.

„מען האָט קריטיקירט און מען וועט קריטיקירן נישט אַזויפֿיל מיינע ביכער, ווי מיין לעבן. איך קען אָבער נישט אָנהויבן מיין לעבן אויפֿסניי. איך האָב זיך מודה געווען וועגן גאָר אַ סך פֿון מיינע טעותים און צו אָפֿטע פֿאַלן פֿון לייכטזין, אַז איך זאָל אויף דער עלטער נעמען אויף זיך די ראָל פֿון אַ מוסר־זאָגער. איך וואָלט ליבערשט זיך צוגעהערט צו פֿאַרנונפֿטיקע מענטשן, וועלכע וואָלטן בכוח געווען צו פֿאַרענטפֿערן די פֿראַגן, וואָס עקבערן מיך ביז היינט צו טאָג".

עס איז פֿאַלש די באַהויפּטונג, וואָס ווערט כסדר איבערגעע'חזר'ט, אַז ערענבורג איז געווען דער איינציקער צווישן די רוסישע שרייבער

פון אידישער אָפּשטאַמונג, וועלכער האָט אויסגעמיטן סטאַלינ׳ס האַק. אויך באָריס פּאַסטערנאַק און סאַמואיל מאַרשאַק זיינען געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט. מאַרשאַק, וועלכער האָט אין זיינע גאַר יונגע יאָרן אַפילו „געזינדיקט" מיט אַ ציוניסטיש ליד וועגן ירושלים, האָט בכלל אויסגעמיטן וועלכע עס איז רדיפות, און באָריס פּאַסטערנאַק איז גע־קומען אין אָפענעם קאָנפליקט מיטן סאָוועטישן רעזשים ערשט נאָך כרושטשאָוו׳ס דע־סטאַליניזאַציע.

דאָס איז געווען אין יאָר 1957, ווען אין דער מערב־וועלט איז דערשינען פּאַסטערנאַק׳ס ראָמאַן „דאָקטאָר זשיוואַגאָ", וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַן אָפענע אַרויספאָדערונג מצד דעם מחבר קעגן דער סאָוועטישער צענזור. מיט אַ יאָר שפּעטער האָט אָבער פּאַסטערנאַק קאַפּיטולירט און זיך אָפּגעזאָגט פון נאָבעל־פּרייז, וואָס איז אים צוגע־טיילט געוואָרן דורך דער שוועדישער אַקאַדעמיע.

בכלל האָט פּאַסטערנאַק קיינמאָל זיך נישט אויסגעצייכנט מיט קיין צו גרויסן מוט וואָס שייך ווידערשפּעניקייט לגבי דעם רעזשים, שוין אָפּגערעדט פון איינשטעלן זיך פאַר אַ גע׳רודפ׳טן שרייבער. אין סאָוועט־טישע שרייבער־קרייזן האָט מען אַלעמאָל מיט גרויס פאַרדרוס גערעדט וועגן דער האַלטונג פון באָריס פּאַסטערנאַק לגבי איינעם פון זיינע נאָענטסטע חברים, דעם וואונדערלעכן אידיש־רוסישן ליריקער אָסיפּ מאַנדעלשטאַם, וועלכער איז אין יאָר 1934 געוואָרן אַרעסטירט און פאַרשיקט קיין סיביר, וואו ער איז אומגעקומען, וואַרשיינלעך אין יאָר 1938, אין אומבאַקאַנטע אומשטענדן.

דער באַוואוסטער פּוילישער סאָציאָלאָג אויף דער עמיגראַציע, גוס־טאַוו הערלינג־גרודזשינסקי, איינער פון די בעסטע קענער פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור, האָט נאָך ביים לעבן פון באָריס פּאַסטערנאַק — אין יאָר 1957 — אין דער פּאַריזער „קולטורא" פאַרעפנטלעכט אַן

אפהאַנדלונג וועגן „דאָקטאָר זשיוואַגאָ" און דאָרט אַרויסגעבראַכט דעם טרויעריקן עפּיזאָד מיט אָסיפּ מאַנדעלשטאַם.

„עס איז פאַראַן אַ ווערסיע" — האָט הערלינג־גרודזשינסקי געשריבן — „וואָס איז באַשטעטיקט געוואָרן פון פיל קוואַלן, אַז נאָך דעם אַרעסט פון אָסיפּ מאַנדעלשטאַם האָט סטאַלין — מיט דער סאַדיסטישער בייגונג, וואָס איז טיפּיש פאַר אַלע דעספּאָטן, זיך צו שפּילן מיט דער מויז — טעלעפאָנירט פּאַסטערנאַקן און ביי אים געפרעגט זיין מיינונג. דער צעשראָקענער פּאַסטערנאַק האָט זיך באַמיט צו מינימיזירן זיין פריינטשאַפט מיט דעם 'מצורע'. סטאַלין האָט שווייגנדיק אויסגעהערט ביז צום סוף, דאַן געזאָגט: 'איך פאַרטיידיק בעסער מיינע פריינט' און אָוועקגעלייגט דאָס טרייבל. דאָס איז ביז היינט צו טאָג אַן אומפּאַרהיילטע וואונד פון פּאַסטערנאַק׳ס געוויסן".

אָט־דער עפּיזאָד פון דעם טעלעפאָנישן געשפּרעך צווישן סטאַלינען און פּאַסטערנאַקן האָט זיך אָפּגעשפּילט אין דער זעלבער צייט — אין יאָר 1934 — ווען ערענבורג האָט אויפן ערשטן קאָנגרעס פון סאָוועטישן שרייבער־פאַרבאַנד שאַרף באַקעמפט זשדאַנאָוו׳ס סאָץ־רעאַליסטישע רעצעפּטן פאַר דער ליטעראַטור.

אויף ערענבורגן איז אָבער געפאַלן דער חשד, אַז ער האָט אויסגעמיטן דעם טראַגישן גורל פון באַבעל און מאַנדעלשטאַם נאָר דערפאַר, ווייל ער האָט טריי געדינט סטאַלינען, און אַז זיינע רעבעליאַנטישע אויסברוכן זיינען געווען נישט מער ווי קאַמופלאַזש.

נאָך מער: אין דער אידישער וועלט איז געבליבן איינגעבירגערט די איבערצייגונג וועגן ערענבורג׳ס ראָל אין דער ליקווידאַציע פון די אידישע שרייבער און קינסטלער. אין שייכות דערמיט איז דעריבער אַנטפּלעקעריש די כראָנאָלאָגיע פון די אַנטוויקלונגען, וואָס האָבן דערפירט דערצו, אַז אויך אין סאָוועט־רוסלאַנד זאָל די דאָזיקע אָנקלאַגע ווערן איבערגע׳חזר׳ט.

XI

# ערענבורג און טובים

דעם 26טן יאַנואַר 1961, צו דער געלעגנהייט פון זיין זיבעציקסטן געבורטסטאָג, האָט ערענבורג געהאַלטן אַ רעדע אויף דעם מאָסקווער ראַדיאָ, וואָס האָט אַרויסגערופן אַ שטורעם. ערענבורג האָט אָנגעהויבן מיט אַ בייסיקער באַמערקונג וועגן זיינע קריטיקער, וועלכע קענען נישט פאַרטראָגן ווען אַ שרייבער „רעדט מיט זיין אייגענער שטימע", און דערפאַר „פאַרשווייגן זיי זיינע ווערק". מיט באַזונדערן סאַרקאַזם האָט אָבער ערענבורג זיך אויסגעדריקט וועגן די סטאַליניסטישע רעצעפטן פאַר דער ליטעראַטור און וועגן דעם „דערהויבן" די שרייבער צו דער ראָל פון „נשמה־אינזשיניערן".

„אין אונזער לאַנד" — האָט ערענבורג געזאָגט — „באַצייכנט מען אָפט שרייבער ווי 'אינזשיניערן פון דער מענטשלעכער נשמה', בעת אין 19טן יאָרהונדערט האָט מען זיי באַצייכנט ווי לערער פון לעבן. איך האָב בעסער ליב די צווייטע באַצייכענונג, ווייל די אַרבעט פון שרייבער איז נענטער צו דער אַרבעט פון אַ לערער, ווי פון אַן אינזשיניער".

דאַן האָט ער פלוצים געמאַכט אַ באַמערקונג, וואָס האָט זיכער אי־

בעראַשט מיליאָנען סאָוועטישע ראַדיאָ־צוהערער. דאָס האָט אויך אַראָפּ־גענומען אַ שטיין פון האַרץ בישט פון איין פאַרביטערטן איד אין אָט־דעם פּעריאָד פון פאַרשאַרפטע דיסקרימינאַציעס קעגן אידן אויף אַלע געביטן פון עפנטלעכן לעבן אין סאָוועט־רוסלאַנד. ציענדיק דעם פאָדעם וועגן זיין געפיל פון שטאָלץ צו זיין אַ רוסישער שרייבער, האָט ערענבורג אויסגערופן: „אין מיין פּאַספּאָרט זאָגט זיך אָבער, אַז איך בין נישט קיין רוס, נאָר אַ איד".

דאַן קומט די רעטאָרישע פראַגע, פאַרוואָס ער באַטראַכט זיך פאָרט ווי אַ רוסישער שרייבער. דערויף ענטפערט ער מיט אַן אויסצוג פון דער באַרימטער עסעי „מיר, די פוילישע אידן" פון יוליאַן טובים, וועגן וועמען ערענבורג מאַכט די איבעראַשנדיקע באַמערקונג: „מיין פאַרשטאָרבענער פריינט, דער גרויסער פוילישער פּאָעט יוליאַן טובים, האָט אויפגעקלערט אַן ענלעכע לאַגע".

ווען מען נעמט אין אָנבאַטראַכט דעם חילוק פון די אומשטענדן, אין וועלכע דער טיף־אַסימילירטער אידיש־פוילישער פּאָעט יוליאַן טובים האָט געמאַכט זיין פּלאַמיקע אָנקלאַגע קעגן די פוילישע אַנטי־סעמיטן, און די אומשטענדן, אין וועלכע איליאַ ערענבורג האָט ציטירט דעם דאָזיקן פּאָעטישן צאָרן־אויסגעשריי, דאַן וואַרפט דאָס גאָר אַ ביי־ליכט אויף ערענבורג'ס אויפגעוואַקסן אידישן זעלבסט־באַוואוסטזיין.

טובים האָט זיין פּאָעטישע תוכחה קעגן די פוילישע ראַסיסטן געשריבן אין ניו־יאָרק, אין 1943, נאָכן אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, ווען פון נאַצי־אָקופּירטן פוילן זיינען אָנגעקומען דערשיטערנ־דיקע ידיעות וועגן דער מיטשולד פון פּאָליאַקן אין דער אויסראָטונג פון זייערע אידישע שכנים. דאָס איז באַגלייט געוואָרן דורך אָפּקלאַנגען וועגן בישט־אָפּגעשוואַכטן אַנטיסעמיטיזם צווישן די פּאָליאַקן אין גלות.

ווי אַן „ענלעכע לאַגע" האָט ערענבורג באַטראַכט דעם מצב פון די אידן אין סאָוועט־רוסלאַנד, אין יאָר 1961, ווען אונטער ניקיטאַ

כרושטשאָוו זיינען אינסצעניזירט געוואָרן „עקאָנאָמישע פּראָצעסן“, באַגלייט דורך העצערייען קעגן דער אידישער אמונה.

„איך בין אַ פּאָליאַק“ — ציטירט ערענבורג טובימ׳ס ווידוי־אויס־געשריי — „ווייל אַזוי געפעלט מיר. דאָס איז מיין פּריוואַטע זאַך, פון וועלכער איך בין קיינעם נישט מחויב אָפּצוגעבן קיין חשבון. איך טייל נישט איין קיין פּאָליאַקן אויף ׳עכטע׳ און ׳פאַלשע׳, איך לאָז דאָס איבער צו די היימישע און אויסלענדישע ראַסיסטן... איך טייל איין פּאָליאַקן אויף אַנטיסעמיטן און אַנטי־פאַשיסטן... איך בין אַ פּאָליאַק, ווייל איך בין געבוירן געוואָרן אויף דער פּוילישער ערד, דאָרט אויס־געוואַקסן, דאָרט שטודירט, און ווייל אין פּוילן בין איך געווען גליקלעך און אומגליקלעך... איך בין אַ פּאָליאַק, ווייל אויף פּויליש האָב איך געבראַכט צום אויסדרוק דעם אומרו פון מיין ערשטער ליבע... איך בין אַ פּאָליאַק, ווייל די בעריאָזע און די ווערבע זיינען מיר נאָענטער, ווי די פּאַלמען און ציפּרעסן; ווייל מיצקעוויטש און שאָפּען זיינען מיר טייערער, ווי שעקספּיר און בעטהאָווען, און דאָס צוליב סיבות וואָס איך קען ראַציאָנעל נישט באַגרינדן...

„איך הער שטימען: אויב אַזוי, אויב דו ביסט אַ פּאָליאַק, טאָ פאַרוואָס שרייבסטו ׳מיר, אידן׳? דערויף ענטפער איך: צוליב דעם בלוט. — ׳איז עס דאָך ראַסיזם!׳ — ניין, קיין שום ראַסיזם, פּונקט פאַרקערט! עס זיינען פאַראַן צוויי מינים בלוט: דאָס בלוט אין די אָדערן און דאָס בלוט פון די אָדערן... דאָס בלוט פון די אָדערן פליסט אין טיפע, ברייטע שטראָמען... אין אָט־דעם נייעם ירדן נעם איך אָן די טויפונג איבער די טויפונגען: די בלוטיקע, הייסע, ברענענ־דיקע, מאַרטירערישע ברודערשאַפט מיט די אידן“.

ערענבורג פירט דאַן אויס: „יאָ, בעסער האָט מען עס נישט גע־קענט אויסדריקן. איך בין אַ רוסישער שרייבער און כל־זמן עס וועט זיין אַפילו איין אַנטיסעמיט אין דער וועלט, וועל איך אויף דער פראַגע וועגן מיין נאַציאָנאַליטעט ענטפערן שטאָלץ: איך בין אַ איד“.

דאָס איז דער אידישער קרעדאָ פון איליאַ ערענבורג, וואָס איז אידענטיש מיט דעם קרעדאָ פון יוליאַן טובים און בכלל פון פיל אַסימילירטע אידישע אינטעלעקטואַלן אונטער פאַרשידענע רעזשימען. דאָס איז אַ אידישע אידענטיפיקאַציע, הגם אירע אַטריבוטן זיינען, אַזוי צו זאָגן, קאַטאַסטראָפישע.

אויסצוגן פון טובים׳ס עסעי, „מיר, די פוילישע אידן״, האָט ערענבורג שוין געהאַט געבראַכט אין זיין „פראַוודאַ״־אַרטיקל פון סעפטעמבער 1948. אָבער אין דער ראַדיאָ־רעדע צו זיין 70סטן יובל האָט ער, דער ערשטער אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, געצויגן די אויפמערקזאַמקייט אויף דער באַצייכענונג „איד״ אין די פאַספאָרטן פון די סאָוועטישע אידן — דורך אַנטפלעקן דעם פאַקט, אַז אויך ער ווערט אין זיין פאַספאָרט באַצייכנט ווי אַ איד.

XII

# די כרושטשאָוו־פּראָוואָקאַציע

אין זומער פון יאָר 1962 איז אין סאָוועט־רוסלאַנד צום ערשטן מאָל אויפגעהויבן געוואָרן די פראַגע וועגן דער ראָל פון איליאַ ערענבורג אין דער ליקווידאַציע פון אידישע שרייבער און קולטור־טוער. דאָס איז פאָרגעקומען אין מאָסקווע בעת אַ גלעזל טיי, וואָס ניקיטאַ כרושטשאָוו האָט געגעבן פאַר די סאָוועטישע שרייבער, כדי צו דיסקוטירן די אויפברויז־שטימונגען צווישן די יונגע פּאָעטן און קינסטלער. אויף דער דאָזיקער מסיבה איז די שרייבערין גאַלינאַ סערעבריאַקאָוואַ אַרויסגעקומען מיט דער באַהויפּטונג, אַז ערענבורג האָט עדות געזאָגט קעגן די אידישע שרייבער, וועלכע זיינען דערמאָרדעט געוואָרן דעם 2טן אויגוסט 1952.

די אָנקלאָגע האָט דערשיטערט די פאַרזאַמלטע שרייבער, אָבער אין דער זעלבער צייט געוועקט ערנסטן פאַרדאַכט וועגן דעם קוואַל פון דער אינפאָרמאַציע, ווייל גאַלינאַ סערעבריאַקאָוואַ, וועלכע איז אַליין געווען אַ קרבן פון סטאַלין־טעראָר, און איז לאַנגע יאָרן אָפּגעזעסן אין פאַרשידענע לאַגערן, האָט זיך פאַררופן אויף סטאַלינ׳ס פּערזענלעכן סעקרעטאַר, אַלעקסאַנדער נ. פּאָסקרעבישעוו, וועלכער איז נאָך סטאַ־

ליב׳ס טויט פאַרשוואונדן פון דער אויבערפלאַך. עס זיינען אַפילו געווען קלאַנגען, אַז דער אַכזריות׳דיקער פּאָסקרעבישעוו, וועלכער האָט אויסגעפירט סטאַלינ׳ס אַלע מאָרד־באַפעלן, איז אין יאָר 1953 געוואָרן דערשאָסן. מיטאַמאָל גאָר האָט גאַלינאַ סערעבריאַקאָוואַ געמאַכט די אַנטפּלעקונג, אַז פּאָסקרעבישעוו לעבט, אַז זי האָט זיך מיט אים „צופעליק" געטראָפן אין קרעמל־שפּיטאָל און פון אים זיך דערוואוסט וועגן ערענבורג׳ס ראָל אין דער ליקווידאַציע פון די אידישע שרייבער.

אין דער סאָוועטישער פּרעסע איז דאָן, אין זומער פון יאָר 1962, נישט דערשינען קיין שום באַריכט וועגן דער סענסאַציאָנעלער „אויפדעקונג" פון גאַלינאַ סערעבריאַקאָוואַ. דאַקעגן אָבער איז די נייעס אומאָפיציעל אונטערגעטראָגן געוואָרן צו די פאַרטרעטער פון דער אויסלענדישער פּרעסע אין מאָסקווע — אַ גוט־באַקאַנטער טריק פון דער סאָוועטישער פּראָפּאַגאַנדע.

דער אָפּקלאַנג פון גאַלינאַ סערעבריאַקאָוואַ׳ס אָנקלאַגע איז נאָך געווען לעבעדיק אין דער מערב־וועלט, ווען ערענבורג איז אין ווינטער פון זעלבן יאָר געקומען קיין פּאַריז. דאָס געפינט אַ קלאָרע אָפּשפּיגלונג אין דעם לאַנגן אינטערוויו אין „פיגאַראָ ליטערער" פון 26טן יאַנואַר 1963 מיט דעם שרייענדיקן קאָפּ: „איליאַ ערענבורג און זיינע אָנקלאָגער".

נאָך אַ בליק־עקסקורסיע איבער די וויכטיקסטע עטאַפּן פון זיין לאַנגן שטורמישן לעבן, האָט ערענבורג אויפגעקלערט דעם כאַראַקטער פון די ליטעראַרישע וויכוחים, וואָס זיינען דאַן אָנגעגאַנגען אין סאָוועט־רוסלאַנד צווישן די רעבעליאַנטישע שרייבער און די קולטור־קאָמיסאַרן פון כרושטשאָוו־רעזשים. ערענבורג האָט אונטערגעשטראָכן, אַז אין רוסלאַנד איז פאַראַן אַ גרויסע גערעטעניש אויף יונגע שרייבער און אַז דער ברייטער עולם פאַרהערלעכט זיי.

צום סוף האָט דער מיטאַרבעטער פון „פיגאַראָ ליטערער", פּיער פּיסאָן, געפרעגט ערענבורגן:

— וואָס איז מכוח דער באַשולדיקונג פון גאַלינאַ סערעבריאַקאָוואַ אויפן מיטינג פון די סאָוועטישע שרייבער?

— „מען האָט מיך באַשולדיקט אין שרעקלעכע זאַכן״ — האָט ערענבורג געענטפערט — „אַזוי שרעקלעך, אַז די צייטונג ׳לע מאָנד׳ האָט בלויז מרמז־געווען וועגן דער באַשולדיקונג, אָבער עס נישט באַריכטעט״.

ערענבורג ברענגט דאָן אַ לאַנגע רשימה פון באַשולדיקונגען, וואָס זיינען אין פאַרשידענע צייטן געמאַכט געוואָרן קעגן אים, איינגעשלאָסן די בלבולים, וואָס די נאַציס האָבן וועגן אים פאַרשפּרייט, און דאָן איז ער צוריקגעקומען צום ענין פון גאַלינאַ סערעבריאַקאָוואַ:

— „דאָן באַשולדיקט מען מיך, אַז איך בין אין יאָר 1952 געווען אַן עדות אין דעם פּראָצעס קעגן די אידישע שרייבער... די הויפּט־אָנקלאַגע, וואָס ווערט קעגן מיר געמאַכט, איז זייער פּשוט. מען פרעגט מיך: איליאַ, פאַרוואָס לעבסט דו נאָך, בעת אַזויפיל אַנדערע זיינען טויט?...״.

ערענבורג האָט דאָן איבערגע׳חזר׳ט דעם ענטפער וועגן דער „לאָ־טעריע״, וואָס ער האָט געגעבן יעדעס מאָל ,ווען מען האָט אים געשטעלט די דאָזיקע פראַגע. ער האָט אונטערגעשטראָכן, אַז עס זיינען דערמאָרדעט געוואָרן פיל שרייבער, טרייע פּאַרטיי־מיטגלידער, בעת „אָפּנויגלער זיינען געבליבן לעבן״. ווי אַ ביישפּיל האָט ער געבראַכט דעם פאַל באָריס פּאַסטערנאַק.

ערענבורג האָט פאַרענדיקט דעם אינטערוויו מיט אַ סאַרקאַסטישן ענטפער אויף דער אָנקלאַגע פון גאַלינאַ סערעבריאַקאָוואַ וועגן זיין כלומרשטן עדות־זאָגן קעגן די אידישע שרייבער:

„מען זאָגט מיר: דו ביזט געווען דער ערשטער עדות! אין יענעם פּעריאָד האָט מען זיך נישט געגוויטיקט אין קיין עדות — נישט אין ערשטן און נישט אין צענטן. זאָל מען מיר ווייזן איין מענטש, וועלכער

איז געווען אַן עדות אין איינעם פון די פּראָצעסן, בלויז איינעם! דער ענין איז זייער פּשוט — עס זיינען נישט געווען קיין עדות, נישט איך און נישט אַנדערע".

אין דער אידישער וועלט איז אָבער דער דאָזיקער בלבול אויפגענומען געוואָרן ווי אַן אבן־טוב. דערמיט האָט כרושטשאָוו מיט איין שאָס געטראָפן צוויי פייגל. די מיטשולד פאַר דער אויסראָטונג פון די אידישע שרייבער, וואָס האָט זיך אייגנטלעך אָנגעהויבן אין כרושטשאָוו'ס מלכות, אין דער אוקראַינע, איז געוואָרפן געוואָרן אויף דעם איד ערענבורג און דאָס האָט אויך געגעבן בייעם אימפּעט דער קאַמפּאַניע קעגן רעבעליאַנטישע שרייבער, פאַר וועמען ערענבורג האָט זיך איינגעשטעלט.

אין יאַנואַר 1963 איז אין לענינגראַד, אויף דער איניציאַטיוו פון איליאַ ערענבורג, פאָרגעקומען אַן אינטערנאַציאָנאַלער שרייבער־צוזאַמענפאָר, וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ נצחון פאַר די רעבעליאַנטישע סאָוועטישע שרייבער, וועלכע האָבן געפאָדערט מער קאָנטאַקט מיט דער מערב־וועלט.

אין דעם צוזאַמענפאָר האָבן זיך באַטייליקט די אַוואַנגאַרד־שרייבער פון פראַנקרייך, ענגלאַנד, איטאַליע און צום ערשטן מאָל אויך פון מערב־דייטשלאַנד. באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט האָט אויף דעם צוזאַמענקונפט צוגעצויגן דער גרויסער אידיש־אונגאַרישער שרייבער, טיבאָר דערי, וועלכער איז געהאַט אָפּגעזעסן עטלעכע יאָר אין תפיסה פאַר זיין אָנטייל אין דעם אונגאַרישן רעוואָלט (1956) קעגן מאָסקווע.

מצד די סאָוועטישע שרייבער זיינען די וואָרט־זאָגער געווען מיכאַיל שאָלאָכאָוו, לעאָניד לעאָנאָוו, קאָנסטאַנטין פעדין און איליאַ ערענבורג. ווי אָבסערוואַטאָרן זיינען אויך געקומען די פּאָעטן אַלעקסאַנדער טוואַרדאָווסקי און יעווגעני יעווטושענקאָ, וועלכע האָבן אָבער

קיין רעדעס נישט געהאַלטן, ווייל דאָס איז געווען אַ צוזאַמענקונפט אויסשליסלעך פון פּראָזאַאיקער.

אין דער דעבאַטע איז געקומען צו גאָר שאַרפע חילוקי־דעות צווישן די סאָוועטישע און מערב׳דיקע שרייבער. באַזונדערס שטורמיש זיינען געווען די צוזאַמענשטויסן צווישן מיכאיל שאָלאָכאָוו און זשאַן פּאָל סאַרטר. אין די מיינסטע פאַלן האָט ערענבורג זיך געשטעלט אויף דער זייט פון די אויסלענדישע געסט און דערביי אָפן קריטיקירט זיינע סאָוועטישע חברים.

אין דער סאָוועטישער פּרעסע איז וועגן דער דאָזיקער דעבאַטע זייער ווייניק באַריכטעט געוואָרן און פון דער לאַנגער רעדע, וואָס ערענבורג האָט געהאַלטן, זיינען געבראַכט געוואָרן בלויז מאָגערע ציטאַטן. דאַקעגן אָבער האָבן די אויסלענדישע שרייבער אויספירלעך באַריכטעט וועגן דער קאָנפערענץ אין לענינגראַד. באַזונדערס האָבן זיי זיך טאַקע אָפּגעשטעלט אויף דער רעדע פון איליאַ ערענבורג, וועלכער האָט גע׳מוסר׳ט די סאָוועטישע, פּונקט ווי די מערב׳דיקע שרייבער, פאַר אַרויסטראָגן אורטיילן וועגן ווערק, וואָס מען האָט נישט געלייענט.

„אַ שריפטשטעלער און אַ קינסטלער״ — האָט ערענבורג געזאָגט — „קען מען אורטיילן נאָר דאַן, ווען מען באַקענט זיך מיט זיינע ווערק. דאָ האָב איך אָבער געהערט מיינונגען, וואָס האָבן זיך געשטיצט אויף פרעמדע אורטיילן וועגן די דאָזיקע ווערק. דאָס באַציט זיך צו אונזערע סאָוועטישע שרייבער, פּונקט ווי צו די מערב׳דיקע שרייבער. דאָס איז אַ שעדלעכער, פאַלשער צוגאַנג. רעדן וועגן ביכער, וואָס מען האָט נישט געלייענט, אָדער וועגן בילדער, וואָס מען האָט נישט געזען, איז אַ סכאָלאַסטיש־דאָגמאַטישער מעטאָד. ביז ערשט נישט לאַנג צוריק האָט מען גערעדט וועגן דאָגמאַטיזם פון אַ באַשטימטן מזרח־לאַנד. עס

איז אָבער אויך פאַראַן דאָגמאַטיזם אין מערב און מיר, שריפטשטעלער, דאַרפן זיך היטן קעגן דעם".

ערענבורג האָט אָפּגעלאַכט פון די מאַרקסיסטישע קריטיקער, וואָס שפּרינגען פון איין עקסטרעם צום אַנדערן און טרייבן־איבער אין זייער לויב פאַר שרייבער, וואָס זיי האָבן ערשט נעכטן אַרונטערגעריסן אויפן שאַרפסטן אופן. דאָס איז געווען אַ רמז אויף דער פּלוצימדיקער „אַנט־דעקונג", וואָס מען האָט אין דער טשעכאָסלאָוואַקיי געמאַכט וועגן פראַנץ קאַפקאַ, וועמענס ווערק זיינען געווען פאַרבאָטן אין זיין היימלאַנד דורך דעם סטאַליניסטישן רעזשים.

„ביז ערשט נישט לאַנג צוריק" — האָט ערענבורג געזאָגט — „איז קאַפקאַ באַצייכנט געוואָרן ווי אַ דעקאַדענטיש־בורזשואַזער שרייבער. אָבער מיטאַמאָל איז ער אויסגעוואַקסן צו אַ סימבאָל פון מאָדערנער, רעוואָלוציאָנערער ליטעראַטור. קאַפקאַ, פּונקט ווי דזשאָיס, זיינען גרויסע שרייבער, הגם זיי זיינען אַזוי פאַרשידן. פאַר מיר געהערן זיי צו דער פאַרגאַנגענהייט. זיי געהערן צו דער געשיכטע. איך שטעל זיי נישט אַוועק אויף מיין פאָן, אָבער איך אָנערקען זייערע גרויסע ווערטן און זייער וויכטיקן פּלאַץ אין דער ליטעראַטור. בושעווען קעגן זיי, ווי דאָס איז געטאָן געוואָרן ביז ערשט נישט לאַנג צוריק, איז לעכער־לעך. קאַפקאַ האָט פאָרויסגעזען די גרויזאַמע וועלט פון פאַשיזם. זיינע טאָג־ביכער און בריוו באַווייזן, אַז ער האָט מיט סעיסמאָגראַ־פישער פּינקטלעכקייט רעגיסטרירט די אָנקומענדיקע אויפטרייסלונגען. אָבער זאָגן, אַז קאַפקאַ איז געווען אַן אָפּטימיסט, ווי דאָס טוען אייניקע פון אונזערע קריטיקער, איז לעכערלעך. קאַפקאַ איז געווען אַ גרויסער קינסטלער און דאָס איז גענוג, אַז מיר זאָלן אים פאַרערן".

ערענבורג האָט אויך פאַרטיידיקט די פראַנצויזישע שרייבער פון דער אַזוי־גערופענער „פאַרצווייפלונגס־ליטעראַטור", און אויסגעפירט, אַז אַ מענטש האָט דאָס רעכט צו זיין פאַרצווייפלט, באַזונדערס אין די איצטיקע אומשטענדן אין דער וועלט. אין ערענבורג׳ס אַרויסטריט

זיינען געווען באַזונדערס־אינטערעסאַנט די שטריכן, וואָס ער האָט אָנגעוואָרפן צו זיין אייגענעם פּאָרטרעט.

„דער שרייבער, דער ראָמאַניסט" — האָט ערענבורג געזאָגט — „אַנטפּלעקט דאָס אינערלעכע לעבן פון מענטש. דערצו איז נויטיק זיך צו פאַרטיפן אין דער נשמה פון העלד. דאָס איז נוגע פּאָזיטיווע, ווי נעגאַטיווע געשטאַלטן. דער שרייבער מוז זיך איינלעבן אין זייערע האַנדלונגען. איך אַליין באַטראַכט זיך פאַר אַ מיטלמעסיקן שרייבער, אָבער ווען עס געלינגט מיר, למשל, צו שילדערן אַן אויסוואורף, האָב איך אין אַ געוויסן זין אויסגעדריקט דאָס, וואָס איך האָב אַליין איבער־געלעבט. מען קען נישט שילדערן קיין פּחדן, ווען מען איז נישט אַליין, כאָטש פאַר אַ ווײַלע, געווען אַ פּחדן..."

ערענבורג האָט אונטערגעשטראָכן, אַז אין דער ליטעראַטור און אין דער קונסט זיינען פאַראַן שאַרלאַטאַנעס, וואָס דאַרפן ווערן באַ־קעמפט. דאָס הייסט אָבער נישט, אַז מען דאַרף ביי די שרייבער און קינסטלער צורויבן די רעכט פון עקספּערימענטירן. צום סוף האָט ערענבורג געמאַכט די סאַרקאַסטישע באַמערקונג, אַז אויב סאָוועטישע פּראָזאַאיקער שרייבן שלעכטע ראָמאַנען, איז עס נישט דערפאַר, „ווייל זיי זיינען אָנהענגער פון דער סאָציאַליסטישער אידעאָלאָגיע, נאָר פּשוט דערפאַר, ווייל דער ליבער גאָט האָט זיי נישט געגעבן קיין טאַלאַנט".

דער פאַרלויף פון דעם דאָזיקן אינטערנאַציאָנאַלן שרייבער־קאָנ־גרעס האָט געהאַט גאָר אַ דערמוטיקנדיקע ווירקונג אויף די רעבעליאַנ־טישע שרייבער און קינסטלער אין סאָוועט־רוסלאַנד און אין אַנדערע לענדער פון קאָמוניסטישן מזרח־אייראָפּע. בכדי צו צוימען דעם שטייגנ־דיקן אויפברויז, האָט כרושטשאָוו צונויפגערופן קיין מאָסקווע אַן אַסיפה פון סאָוועטישע אינטעלעקטואַלן, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין די טעג פון 7טן און 8טן מערץ, 1963. די הויפּט־רעדנער אויף דעם דאָזיקן צוזאַמענקונפט זיינען געווען ניקיטאַ כרושטשאָוו און זיין פּראָפּאַגאַנדע־קאָמיסאַר לעאָניד איליטשעוו. ביידע האָבן זיי געטאַדלט די אַבסטראַקטע

מאָלער פאַר דעם „בורזשואַז־דעקאַדענטישן" כאַראַקטער פון זייערע ווערק און דערביי געוואָרפן די שולד אויף איליאַ ערענבורג פאַר דער־מוטיקן די דאָזיקע „אומזיניקייטן" אין דער סאָוועטישער קונסט.

ניקיטאַ כרושטשאָוו האָט זיינע בייסיקע באַמערקונגען וועגן איליאַ ערענבורג כסדר צונויפגעמישט מיט לויב־ווערטער פאַר גאַלינאַ סע־רעבריאַקאָוואַ, וועגן וועלכער ער האָט געזאָגט, אַז אין היפוך צו ערענ־בורגן האָט זי געמאַכט אַ „קאָנסטרוקטיוון צושטייער צו דער סאָוועטי־שער ליטעראַטור", הגם זי האָט געליטן אונטער דעם „קולט פון דער פערזענלעכקייט".

דאָס האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט דעם פאַרדאַכט, אַז מיט איר אַרויסטריט קעגן איליאַ ערענבורג אויף אַן ענלעכער שרייבער־מסיבה, מיט אַ יאָר פריער, האָט סערעבריאַקאָוואַ אויסגעפירט אַ „מיסיע" פאַר ניקיטאַ כרושטשאָוו.

XIII

# עדות דערציילן

די רייכע פּאָלעמישע ליטעראַטור, וואָס איז אויסגעוואַקסן אַרום איליאַ ערענבורג, האָט הויפּטזעכלעך צו טאָן מיט זיינע עפנטלעכע אַרויס־טרעטונגען אויף די שלום־קאָנגרעסן און די אינטערוויוען, וואָס ער האָט געגעבן אין מערב־אייראָפּע. ערענבורג איז געווען צו־ראַפינירט, אַז ער זאָל זיך נישט האָבן אָפּגעגעבן אַ דין־וחשבון דערפון, אַז די דאָזיקע שלום־קאָנגרעסן, אויף וועלכע ער האָט געשפּילט די ערשטע פידל, שטעלן מיט זיך פאָר אַ וויכטיקן אינסטרומענט פון סאָוועטישער פּראָפּאַגאַנדע.

די קאָנגרעסן זיינען אָבער פאַר אים אויך געווען די איינציקע מעגלעכקייט פון אָנהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט דער אינטעלעקטועלער עליטע אין דער מערב־וועלט; און ווער ווייסט, צי די פראַגמענטאַרע ידיעות וועגן די פאַרברעכנס פון סטאַלין־רעזשים זיינען נישט געקומען פון די אינטימע שמועסן, וואָס ערענבורג האָט בעת די דאָזיקע קאָנגרעסן געפירט מיט זיינע לאַנג־יאָריקע פריינט, צו וועלכע ער האָט געהאַט צוטרוי.

אָפענע רמזים וועגן דעם זיינען פאַראַן אין ערענבורג׳ס מעמואַרן. ער דערציילט דאָרט וועגן די פיינפולע געשפּרעכן, וואָס ער האָט געפירט

מיט זיינע פריינט, די באַרימטע קאָמוניסטישע פראַנצויזישע שרייבער, לואי אַראַגאָן און עלזאַ טריאָלע.

אין אַ נעקראָלאָג־אַרטיקל, וואָס אַראַגאָן האָט אָנגעשריבן נאָך ערענ־בורג׳ס טויט, ווערט אַרויסגעהויבן ערענבורג׳ס ווידערשפעניקייט קעגן דער ליניע פון מאָסקווע. דערביי ברענגט אַראַגאָן אַרויס אַ ווייניק־באַקאַנטן עפּיזאָד וועגן ערענבורג׳ס אַרעסט אין פּאַריז אין די קריטישע טעג פון מאַי 1940. ווי אַראַגאָן באַהויפּטעט, איז ערענבורג געוואָרן אַרעסטירט אויפן פּערזענלעכן באַפעל פון מאַרשאַל פּעטען, וועלכער האָט אין דער שטיל געגרייט די קאַפּיטולאַציע. דאָס איז געשען אין מאָמענט, ווען אויף ערענבורג׳ס איניציאַטיוו זיינען אָנגעהויבן געוואָרן פאַרהאַנדלונגען צווישן פּאַריז און מאָסקווע וועגן צושטעלן קריגס־עראָפּלאַנען פאַר די אָפּטיילונגען פון דער פראַנצויזישער אַרמיי, וואָס האָבן נאָך געשטעלט אַ ווידערשטאַנד קעגן די נאַציס.

אין דעם נעקראָלאָג־אַרטיקל רעדט אַראַגאָן וועגן ערענבורג׳ס גרויסער ליבע פאַר פראַנקרייך און שטרייכט אונטער, אַז ערענבורג האָט „מוטיק פאַרטיידיקט די פראַנצויזישע קונסט אין שווערע צייטן, ווען נישט־קאָנפאָרמיסטישע מיינונגען זיינען אין זיין היימלאַנד באַ־טראַכט געוואָרן אַלס אַ פאַרברעכן” („לע לעטר פראַנסעז” פון 6טן סעפּטעמבער, 1967).

ערענבורג האָט טאַקע אַרויסגעוויזן גרויס מוט ביים פאַרטיידיקן די פרייהייט פון קינסטלערישן אויסדרוק. ער איז אָבער קיינמאָל נישט אַרויסגעקומען מיט קיין אָפענער אָנקלאַגע קעגן די סטאַליניסטישע פאַרברעכנס, וועגן וועלכע ער איז געווען גוט אינפאָרמירט. דאָס האָט מען אים כסדר פאַרגעוואָרפן אין דער מערב־וועלט.

דעם דאָזיקן דעליקאַטן ענין האָט ערענבורג באַהאַנדלט אין זיינע מעמואַרן, אין דעם קאַפּיטל וועגן בלבול קעגן די אידישע דאָקטוירים און וועגן סטאַלינ׳ס סוף. דאָס קאַפּיטל הויבט זיך אָן מיט דער באַ־מערקונג, אַז צווישן מיליאָנען פון זיינע לייענער אין סאָוועטן־פאַרבאַנד

איז פאַרשפּרייט געוואָרן די מיינונג, אַז ער האָט צו יעדער צייט געקענט אַריינגיין צו סטאַלינען און אים זאָגן אָפן, אַז ער איז „נישט מסכּים מיט אים אין דער אָדער יענער אָנגעלעגנהייט". ערענבורג צעשטערט די דאָזיקע לעגענדע און דערקלערט, אַז ער האָט קיינמאָל נישט גערעדט מיט סטאַלינען פּנים־אל־פּנים און אַז דאָס איינציקע מאָל, וואָס ער האָט בכלל גערעדט מיט סטאַלינען, איז געווען ערב דעם נאַצישן איבערפאַל אויפן סאָוועטן־פאַרבאַנד, ווען סטאַלין האָט אים טעלע־פאָנירט און אים אָנגעזאָגט, אַז זיין בוך וועגן פאַלן פון פראַנקרייך וועט דערשיינען.

„אין דערווירקלעכקייט — שרייבט ערענבורג — „בין איך געווען פונקט אַזאַ 'רעדעלע' און 'שרייפעלע', ווי עס זיינען געווען מיינע לייענער. איך האָב געמאַכט אַ פאַרזוך צו פּראָטעסטירן, אָבער וועגן דעם ענין האָט דעצידירט נישט מיין בריוו, נאָר דער גורל".

וועגן ערענבורג'ס פּראָטעסט־פאַרזוכן זאָגט עדות דער סאָוועטישער שרייבער לעאָניד וולאַדימיראָוו, וועלכער האָט איבערגעריסן מיט מאָס־קווע און זיך באַזעצט אין ענגלאַנד. אין צוזאַמענהאַנג מיט ערענבורג'ס טויט האָט וולאַדימיראָוו פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל אין דער „סאַנדעי טעלעגראַף" (פון 10טן סעפּטעמבער), אין וועלכן ער שטעלט פעסט, אַז ערענבורג האָט אַרויסגעוויזן „גרויס מוט" ביים אָפּשרייען אַ גזירה וועגן דעפּאָרטירן אידן קיין סיביר. וולאַדימיראָוו פירט אָבער אויס, אַז טראָץ זיין גרויסן איינפלוס האָט ערענבורג נישט געקענט פיל טאָן, כּדי צו באַשיצן די סאָוועטישע אידן קעגן די סטאַליניסטישע פאַרפאָלגונגען.

וועגן ערענבורג'ס מוט ביים איינשטעלן זיך פאַר שרייבער, אידן און נישט־אידן, זיינען פאַראַן וואָגיקע גבית־עדות. זיי זיינען אָבער פולשטענדיק פאַרשוויגן געוואָרן, אָדער פאַרשאָטנט, דורך די אָנקלאַ־געס, וואָס זיינען כּסדר געמאַכט געוואָרן קעגן אים ביי זיין לעבן

און זייַנען אין אַ פּיל שאַרפערער פאָרם פאַרגעזעצט געוואָרן נאָך ערענבורג׳ס טויט.

אין יאָר 1963, ווען ערענבורג האָט זיך געפונען אונטערן פייער פון אַטאַקעס קעגן אים מצד דעם סאָוועטישן פּראָפּאַגאַנדע־אַפּאַראַט — און אין דער מערב־וועלט איז נאָך נישט געהאַט פאַרביי דער אָפּקלאַנג פון סערעברי־אַקאָוואַ׳ס אָנקלאַגע, אַז ערענבורג האָט עדות־געזאָגט קעגן די אומגעבראַכטע אידישע שרייבער — האָט דער פּאָעט אברהם סוצקעווער פאַרעפנטלעכט אַ מערקווירדיקן עפּיזאָד וועגן ערענבורג׳ס איינשטעלן זיך פאַר דעם העברעאישן דיכטער אלישע ראָדין.

דאָס איז געווען אין יאָר 1944, ווען אין ארץ־ישראל איז דער־שינען אַ זאַמלונג שירים פון אלישע ראָדין, געווידמעט זיין זון, וועלכער איז געפאַלן אויפן פראָנט. דאָס ביכל טראָגט טאַקע דעם נאָמען „לבן" (צום זון). דעם מאַנוסקריפּט פון די שירים האָט אלישע ראָדין געהאַט געשיקט צו זיין פריינט דן פינס און דאָס מיט דער דערלויבעניש פונעם צענזאָר און מיט אַ באַגלייט־בריוו פון דעם קאָמאַנדיר פון דער אַרמיי־אָפּטיילונג, אין וועלכער ראָדינ׳ס זון האָט געדינט.

דער „אידישער אַנטי־פאַשיסטישער קאָמיטעט" אין מאָסקווע, אויף וועמענס אַדרעס דאָס אָפּגעדרוקטע ביכל איז אָנגעקומען, האָט אָבער פאַרהאַלטן דעם עקזעמפּליאַר. ערשט אַ דאַנק דער אינטערווענץ פון איליאַ ערענבורג האָט אלישע ראָדין, וועמען סוצקעווער באַצייכנט ווי דער „לעצטער העברעאישער דיכטער אין סאָוועט־רוסלאַנד", באַקומען דאָס ביכל. דעם דאָזיקן עפּיזאָד האָט סוצקעווער פאַרעפנטלעכט אין דער ירושלימער צייטשריפט „עם וספר" (אויגוסט 1963) און אין דער „גאָלדענער קייט" (נומ. 49).

דעם עפּיזאָד וועגן אלישע ראָדין דערמאָנט אויך סוצקעווער אין זיינע זכרונות וועגן איליאַ ערענבורג, וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט אין דער „גאָלדענער קייט" (נומ. 61), קורץ נאָך ערענבורג׳ס טויט. דערביי

באַמערקט סוצקעווער, אַז ערענבורג האָט זיך באַצויגן מיט ווידער־ווילן צו „אידישן אַנטי־פאַשיסטישן קאָמיטעט״, וואָס ער האָט סאַר־קאַסטיש אָנגערופן: „אַנטי־יעווריעיסקי קאָמיטעט״.

פון סוצקעווער׳ס פאַרצייכענונגען אַנטפּלעקט זיך אַן אידעאַליזיר־טער פּאָרטרעט פון איליאַ ערענבורג. דאָס איז אַ פּאָרטרעט פון אַ וואַרעמען איד, וועלכער האָט געברענט מיט שנאה צו די דייטשן און צו די סלאַווישע אַנטיסעמיטן, און אין זיינע פּלאַמיקע מלחמה־שילדע־רונגען האָט ער באַזונדערס אַרויסגעהויבן די גבורה פון די אידישע פראָנט־קעמפער און פּאַרטיזאַנען. אַן איבעראַשונג איז דער עפּיזאָד, אין וועלכן סוצקעווער דערציילט, אַז ווען ער האָט ערענבורגן פאָרגע־לייענט די לידער פון ביאַליק און טשערניכאָווסקי, האָט ער געזאָגט: „איך פאַרשטיי נישט קיין העברעאיש, אָבער איך האָב ליב דעם נביאישן קלאַנג״.

סוצקעווער׳ס זכרונות וועגן ערענבורגן באַציען זיך צו דעם פּעריאָד 1944—1946, ווען אויפן סאָוועטישן אידנטום האָט זיך גענומען אָנ־רוקן די בייזע אַנטיסעמיטישע כוואַליע. סוצקעווער איז געווען איינער פון די געציילטע נישט־סאָוועטישע אידישע שרייבער אין מאָסקווע, וועלכער האָט אין אָט־דעם קריטישן פּעריאָד אָפט פאַרקערט אין דער היים פון איליאַ ערענבורג.

אברהם סוצקעווער דערציילט, אַז ערענבורג האָט געשריבן אַ שאַרפן בריוו צו ניקיטאַ כרושטשאָוו, ווען ער איז נאָך געווען דער מושל אין אוקראַינע. ערענבורג האָט פּראָטעסטירט קעגן דעם, וואָס אויף די מאַסן־קברים פון די קיעווער אידן, אין באַבי יאַר, גרייט מען זיך אויפצושטעלן אַ מאַרק. דערויף זאָל כרושטשאָוו האָבן געענטפערט ערענבורגן: „איך עצה אייך נישט צו מישן זיך אין נישט־אייערע ענינים און בעסער שרייבן גוטע ראָמאַנען״.

ביים סוף שטעלט זיך סוצקעווער אָפּ אויף דער אָנקלאַגע וועגן ערענבורג׳ס מיטשולד אין אַרעסטירן די סאָוועט־אידישע שרייבער און

ער פירט אויס: „איך האָב יאָרן לאַנג געפּאָרשט דעם ענין און זיך איבערצייגט, אַז די באַשולדיקונג האָט נישט קיין האָפּט".

צו די פאַרקריפּלונגען און פעלשונגען וועגן ערענבורג׳ס ראָל אין דער תקופה פון סטאַלינ׳ס שגעון קעגן ציוניזם געהערט אויך די ווערסיע וועגן די פאַרהערן פון דעם מפ״ם־פירער מרדכי אורן, בעת דעם סלאַנסקי־פּראָצעס אין פּראַג, אין די יאָרן 3־1952. לויט דער פאַרשפּרייטער ווערסיע, וואָס איז נאָך ערענבורג׳ס טויט איבערגעחזרט געוואָרן אין דער אידישער פּרעסע, זאָל דער טשעכישער אויספאָר־שונגס־ריכטער האָבן געזאָגט צו מרדכי אורן, אַז ערענבורג האָט באַ־שטעטיקט אַז די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס זיינען אין דינסט פון אַמעריקאַנער שפּיאָנאַזש.

ווי מרדכי אורן האָט מיר דערציילט בעת אַ באַגעגעניש מיט אים אין תל־אָביב, אין אָקטאָבער 1967, איז דאָס געווען פּונקט פאַרקערט. ווען דער טשעכאָסלאָוואַקישער אויספאָרשונגס־ריכטער האָט אים גע־פרעגט צי ער קען עפּעס סאָוועטישע פּערזענלעכקייטן, וואָס זאָלן קענען זאָגן אַ גוט וואָרט אויף אים, האָט אורן אָנגערופן איליאַ ערענבורג, מיט וועמען ער האָט זיך אָפט געטראָפן אויף די שלום־קאָנגרעסן. דערויף האָט דער אויספאָרשונגס־ריכטער מיט צאָרן אויסגעשריען: „אויך ערענבורג איז אָנגעשטעקט פון ציוניזם".

XIV

# די קללה פון שווייגן

ערענבורג האָט זיך געשלאָגן על־חטא דערפאַר, וואָס ער איז אין דער מערב־וועלט נישט אַרויסגעקומען מיט קיין אָפענער אָנקלאַגע קעגן די סטאַליניסטישע פאַרברעכנס. ער גיט אַפילו צו, אַז יעדער צייטונג אין מערב־אייראָפּע, באַזונדערס אין פראַנקרייך, וואָלט געוון פאַרעפנטלעכט זיינס אַן אַרטיקל, אַפילו ווען ער וואָלט דערין אויסגעדריקט זיין „גלויבן אין דער צוקונפט פון קאָמוניזם".

נאָך מער, ערענבורג שטרייכט אונטער, אַז לעוו טאָלסטאָי, וועלכער האָט נישט געגלויבט, אַז די רעוואָלוציע וועט באַזייטיקן דאָס שלעכטס, האָט נישט געטראַכט וועגן פאַרטיידיקן דעם צאַרישן רעזשים:

„פאַרקערט, טאָלסטאָי האָט געשטרעבט פאַר דער גאַנצער וועלט אויפצודעקן די מערדערייען פון צאַרישן רוסלאַנד. אַנדערש איז אָבער געווען מיין באַציאונג צום סאָוועטן־פאַרבאַנד. איך האָב געוואוסט, אַז איך נויט און אין אומגליק זעצט אונזער פאָלק פאָר צו גיין אויפן וועג פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. דאָס שווייגן איז ביי מיר נישט געווען קיין קולט, נאָר אַ קללה און אין דעם בוך וועגן מיין לעבן האָב איך דאָס נישט געקענט פאַרשווייגן".

דער דאָזיקער ווידוי־טאָן הערט זיך אָפּ אין ערענבורג'ס מע־מואַרן. דאָס באַציט זיך נישט נאָר צו זיין שולד־געפיל, וואָס שייך דעם שווייגן וועגן די פאַרברעכנס פון סטאַלין־רעזשים, נאָר אַפילו וועגן זיין אידישער אָפּגעפרעמדקייט.

ווען מען לייענט איצט די ערשטע בענדער פון „מענטשן, יאָרן, לעבן", זעט מען מיט וואָס פאַר אַן אימפּעט ער האָט פאַרצייכנט די געשעענישן פון זיין שטורמישער פאַרגאַנגענהייט. דערביי האָט ער די עפּיזאָדן דורכגעפלאָכטן מיט רעפלעקסן וועגן זיינע בלאָנדזשענישן. דאָ און דאָרט באַמערקט ער, אַז אויב ער וועט באַוויינזן, וועט ער נאָך צוריקקומען צו דער דאָזיקער טעמע, כדי אויספירלעכער צו שרייבן וועגן די מענטשן, וואָס ער האָט אָנגעטראָפן אויף זיין לאַנגן לעבנס־וועג. צווישן די שורות פילט זיך אָבער די שרעק, אַז ער וועט דאָס נישט באַוויינזן און ער איילט זיך דעריבער כאָטש אויף אַ סקיצירטן אופן אַרויסצוברענגען דאָס אַלץ, וואָס דריקט אויף זיין געמיט. מיט גרויס פּיעטעט רעדט ער וועגן זיין אידישער היים און די מיטגלידער פון זיין משפחה:

„איך דערמאָן מיט ליבשאַפט מיינע עלטערן, נאָר ווען איך קוק אויף צוריק, זע איך ערשט, ווי ווייט דאָס עפּעלע האָט זיך אַוועק־געקייקלט פון בוים... אויב מען זאָל אָננעמען, אַז דער בוים איז געווען מיין זיידע, האָבן די עפּעלעך זיך אַוועקגעקייקלט אין פאַרשיי־דענע ריכטונגען. איינער פון מיינע פעטערס, לאַזאַר, איז געוואָרן אַ גביר. זיין זון איז געוואָרן אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט, לאַנגע יאָרן געזעסן אין דער לוקיאַנאָווער תפיסה, אויסגעוואַנדערט קיין פּאַריז און זיך פאַרנומען מיט מאָלעריי. בעת דעם בירגער־קריג האָט ער זיך אָנגעע־שלאָסן אין דער רויטער אַרמיי און איז דערהרגעט געוואָרן דורך די וויים־גוואַרדייער... לאַזאַר'ס ברודער, איסאַק, איז געווען אַ לייכט־זיניקער מענטש. ער האָט צעטרענצלט בראָדסקי'ס פאַרמעגן און אַוועק קיין אַמעריקע..."

ערענבורג מישט דאַן אויף דאָס קאַפּיטל פון די צאַרישע פּאָג־ראָמען און אין איין אָטעם רעדט ער אויך וועגן סאָוועטישן אַנטיסע־מיטיזם און וועגן דעם טעראָר, פון וועלכן ער אַליין האָט יעדן מאָמענט געקענט ווערן אַ קרבן. ער שילדערט מיט פּיעטעט אַ ריי רוסישע שרייבער פון זיין דור, סיי די וועלכע האָבן זיך אידענטיפיצירט מיט דער רעוואָלוציע, און סיי די, וועלכע האָבן ווידערשפּעניקט, ווי למשל קאָנסטאַנטין באַלמאָנט, אָסיפּ מאַנדעלשטאַם, באָריס פּאַסטערנאַק און די גרוזינישע שרייבער, וועלכע זיינען געוואָרן דערמאָרדעט: ווי: טיציאַן טאַבידזע, פּאָאָלאָ יאַשווילי א. אַנד. ערענבורג שילדערט אויך די טראַגעדיע פון די סאָוועטישע שרייבער, וועלכע זיינען — אונטערן דרוק פון רעזשים — באַגאַנגען זעלבסטמאָרד: וולאַדימיר מאַיאַקאָווסקי, סערגעי יעסענין, אַנדרעי סאָבאָל, מאַרינאַ צוויעטאַיעוואַ און אַלעק־סאַנדער פאַדיעיעוו.

אין דעם טיפּיש־ערענבורגישן סטיל פון צונויפבלענדן געשעע־נישן פון פאַרשידענע צייטן, אָן וועלכער עס איז כראָנאָלאָגישער אָרדענונג, רעדט ער וועגן אַנטיסעמיטיזם בעת דעם דרייפוס־פּראָצעס, קעגן וועלכן די פירנדיקע רוסישע שרייבער, בראש מיט אַנטאָן טשע־כאָוו, האָבן פאַרנומען אַזאַ מוטיקע שטעלונג. מיטאַמאָל קומט אַ רעפלעקס וועגן אוישוויץ, מאַיידאַנעק, דראַנסי און וועגן די אומ־געבראַכטע אידישע שרייבער און קינסטלער; וועגן די ווייס־גוואַרדייער, וואָס האָבן אים פאַרפאָלגט, וועגן די געפאַרן בעת דעם שפּאַנישן בירגער־קריג און וועגן זיינע איבערלעבונגען אין פּאַריז בעת דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. ער שטרייכט אָבער אונטער, אַז קיינמאָל איז דאָס געפיל פון שרעק ביי אים נישט געווען אַזוי שטאַרק, ווי אין זיין אייגענער היים אין מאָסקווע, אין יאָר 1949, ווען ער האָט בסדר „געוואַרט אויף אַ קלאַפּ אין דער טיר, אויפן קלאַנג פון גלעקל".

אין איין אָטעם מאַכט ערענבורג די ביטערע באַמערקונג וועגן די אָנקלאַגעס, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן קעגן אים, אַז ער האָט געמסרט קעגן די אידישע שרייבער. ער דערציילט דערביי אַן עפּיזאָד פון זיינע יוגנט־יאָרן, ווען אין גימנאַזיע האָט ער געזען ווי מען האָט געשלאָגן אַ שילער פאַר מסירה און פירט אויס, אַז זינט דעמאָלט איז ביי אים פאַרבליבן אַ שנאה צו מוסרים.

ערענבורג האָט געהאַלטן וואָרט און אין די ווייטערדיקע בענדער פון זיינע זכרונות איז ער טאַקע צוריקגעקומען צו די סאַמע־פיינ־לעכסטע פעריאָדן פון זיין לעבן. ווידעראַמאָל דערמאָנט ער שלמה מיכאָעלסן, פּרץ מאַרקישן און מיט באַזונדערער פאַרערונג דריקט ער זיך אויס וועגן באַריס פאַסטערנאַק און איזאַק באַבעל, וועלכע ער האָט באַטראַכט פאַר די צוויי מייסטער אין דער סאָוועטישער ליטעראַטור.

איך האָב געהאַט די מעגלעכקייט צו אָבסערווירן פון דער נאָענט די פיעטעט, מיט וועלכער ערענבורג האָט זיך באַצויגן צו פאַסטערנאַק און באַבעל. דאָס איז געווען בעת דעם ערשטן, אינטערנאַציאָנאַלן „קאָנגרעס פאַר דער פאַרטיידיקונג פון דער קולטור”, וואָס איז אין זומער פון יאָר 1935 אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין פאַריז.

XV

# דער „פאָלקס־פראָנט" און דער שפּאַנישער בירגער־קריג

דער ערשטער אינטערנאַציאָנאַלער „קאָנגרעס פאַר דער פאַרטיידי־קונג פון דער קולטור", איז פאָרגעקומען ביים אָנהויב פון דער פאָלקס־פראָנט באַוועגונג — נאָך היטלער׳ס קומען צו דער מאַכט. די קאָמוניסטן זיינען געווען די איניציאַטאָרן, אָבער אַלע אַנטיפאַשיס־טישע כוחות אין איראָפּע האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער באַוועגונג מיט דער כוונה צו צוימען דעם מבול פון נאַציזם און פאַשיזם אין איראָפּע.

צו דעם קאָנגרעס זיינען געקומען די פּראָמינענטסטע איראָפּע־אישע שרייבער פון ליבעראַלן לאַגער. באַזונדערס צאָלרייך איז געווען די דעלעגאַציע פון די דייטשע שרייבער אין גלות — בראש מיט היינריך מאַן, מאַקס בראָד, אַלפרעד קער, עגאָן ערווין קיש און אַנאַ זעגערס. די פראַנצויזישע דעלעגאַציע איז געפירט געוואָרן דורך אַנרי באַרביס, אַנדרע זשיד און אַנדרע מאַלראָ. פון ענגלאַנד זיינען געקומען אַלדאָס האָקסלי און בערטראַנד ראָסעל. פון די סקאַנדינאַווישע לענדער — אַנדערסען נעקסע און קאַרין מיכאַעליס. בראש פון דער סאָוועטישער דעלעגאַציע האָבן זיך געפונען אַלעקסעי טאָלסטאָי, איזאַק באַבעל, איליאַ

ערענבורג, באָריס פּאַסטערנאַק, מיכאַאיל קאָלצאָוו און פּאַרטרעטער פון די ליטעראַטורן פון אַלע פעלקער אויפן שטח פון סאָוועטן־פאַרבאַנד — אוקראַאינער, ווייסרוסן, גרוזינער און אַפילו אַ שרייבער פון טאַד־זשיקיסטאַן.

עס איז אָבער נישט געקומען קיין פאַרטרעטער פון דער אידישער ליטעראַטור אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, וואָס האָט זיך דאַן געפונען אין איר פולן בלי. אויך די אידישע קאָמוניסטישע שרייבער אין פּאַריז, וועלכע האָבן דאַן, אין דער שטימונג פון פאָלקס־פראָנט, זיך געריסן אָנטייל צו נעמען אין יעדער אַנטי־פאַשיסטישער מאַניפעסטאַציע, האָבן נישט געמאַכט קיין שום פּרוּוו צו באַטייליקן זיך אין דעם קאָנגרעס. דאָס איז געווען אַ שטיקל רעטעניש, אָבער האָט נישט געוועקט קיין שום פאַרדאַכטן.

איך האָב דאַן, אויף מיין אייגענער איניציאַטיוו, זיך געוואָנדן צום סעקרעטאַריאַט פון קאָנגרעס, אין וועלכן איליאַ ערענבורג האָט געשפּילט די ערשטע פידל, און פאָרגעשלאָגן צו האַלטן אַן אינפאָר־מאַטיוון רעפעראַט וועגן דער אידישער ליטעראַטור. מיין ווענדונג איז גלייך אָנגענומען געוואָרן און איך בין אויפגעטראָטן אויף דער זעקס־טער סעסיע, געווידמעט דעם פּראָבלעם „פאָלק און קולטור“, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 24טן יוני אונטערן פאָרזיץ פון אַנרי באַרביס.

נאָך מיין אויפטריט האָט איליאַ ערענבורג מיך וואַרעם באַגריסט און מיך פאָרגעשטעלט פאַר באָריס פּאַסטערנאַק און איזאַק באַבעל, וועלכע זיינען געווען אַזוי שאַרף־קאָנטראַסטירט אין זייער כאַראַקטער און אויסזען. פּאַסטערנאַק, אַ שלאַנקער מיט אַ געדיכטער, שוואַרצער טשופּרינע, פאַרחלומטע אויגן און שאַרפער אָדלער־נאָז, איז געווען אַ שווייגער און ווען ער האָט עפּעס געזאָגט, האָט זיין טיף־ברוסטיקע שטימע געקלונגען ווי אַ קול פון עפּעס אַ ווייטער, אומהיימלעכער וועלט.

דאָקעגן באַבעל, אַ מיטל־וואוקסיקער, ברייט־פּלייציקער, מיט אַ קיילעכדיקן, נאַקעטן קאָפּ און דיקלעכער נאָז, איז געווען באַריידעוודיק און זיין שטים האָט געקלונגען אַזוי היימיש־וואַרעם. פון הינטער די קיילעכדיקע ברילן אין אַן איינפאַכער דראָטענער ראָם האָבן געבליצט פייערלעך פון זיינע קלוגע אויגן.

עס זיינען מיר נאָך פריש אין זכרון די ווערטער פון טיפער פאַר־ערונג, מיט וועלכע ערענבורג האָט פאָרגעשטעלט פּאַסטערנאַקן און באַבעלן פאַרן קאָנגרעס. ער האָט גערעדט וועגן זיי מיט אַ יראת־הכבוד, וואָס האָט אַלעמען דערשטוינט.

דורך די עטלעכע וואָכן, וואָס באַבעל איז פאַרבליבן אין פּאַריז, האָב איך אים אָפט באַגעגנט און מיט אים שפּאַצירט איבער דעם אי־דישן פּאַריז. ער האָט גערעדט אַ פליסיקן אידיש און איך בין געווען איבערראַשט פון דער גרויסער צאָל העברעאישע ווערטער, וואָס ער האָט גענוצט. ער האָט מיך אויסגעפרעגט וועגן דער אידישער ליטע־ראַטור אין פוילן, אָבער ווען איך האָב אים געפרעגט וועגן די אידישע שרייבער אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, האָט ער מיר געענטפערט אויף אַן אופן, וואָס האָט אויף מיר איבערגעלאָזט דעם איינדרוק, אַז זיינע באַ־ציאונגען מיט די סאָוועטישע אידישע שרייבער זיינען נישט־גענוג נאָענט.

זוי געזאָגט, איז די אָפּוועזנקייט פון אַ פאַרטרעטער פון דער סאָוועטישער אידישער ליטעראַטור אויף דעם ערשטן אַנטי־פאַשיסטישן שרייבער־קאָנגרעס געווען אַ שטיקל רעטעניש. עס איז אָבער דאַן קיינעם נישט איינגעפאַלן, אַז דאָס איז אַן אָנזאָג פון עפּעס אַן ענדערונג אין דער פּאָליטיק לגבי דער גרויסער אידישער מינדערהייט. אין פערספּעקטיוו פון דער צייט ווערט אָבער אַלץ קלאָרער, אַז דאָס איז געווען דער ערשטער סימפּטאָם פון דער קומענדיקער ליקווידאַציע פון דער אידישער קולטור אין סאָוועטן־פאַרבאַנד.

נישט באַבעל, און אַוודאי נישט ערענבורג, האָבן געמאַכט וועגן

דעם וועלכע־עס־איז אָנצוהערעניש. בלויז דער אוקראַיִנישער שרייבער מיקיטענקאָ, מחבר פון דעם באַרימטן ראָמאַן וועגן די היימלאָזע קינדער פון רוסישן בירגער־קריג, וואָס איז אויך דערשינען אין אידיש, אין קיעוו, האָט פאַר מיר געלאָזט פאַלן באַמערקונגען וועגן דער סטאַליניסטישער רוסיפיקאַציע, וואָס איז שוין דאַן אָנגעגאַנגען אין די פאַרשידענע נאַציאָנאַלע רעפּובליקן.

מיקיטענקאָ איז אויך געווען אויפגעבראַכט, ווען דער וואָרט־זאָגער פון דער סאָוועטישער דעלעגאַציע, ניקאָלאַי טיכאָנאָוו, האָט פּראָטעסטירט קעגן דער אָנקלאַגע, וואָס די פראַנצויזישע שרייבערין, מאַדלעין פּאַז, האָט פון דער קאָנגרעס־טריבונע געמאַכט קעגן די פאַרפאָלגונגען לגבי דעם פראַנצויזישן שרייבער וויקטאָר סערזש, וועל־כער איז אין סאָוועטן־פאַרבאַנד אַרעסטירט געוואָרן פאַר „טראָצקיס־טישע אַקטיוויטעטן“.

טיכאָנאָוו האָט מיט רוגזה אָפּגעוואָרפן די אָנקלאַגע מיט דער באַהויפּטונג, אַז וויקטאָר סערזש איז אַ סאָוועטישער בירגער און אַז ער האָט זיך באַטייליקט אין אַ „קאָנטר־רעוואָלוציאָנערער, טראָצקיס־טישער באַוועגונג“, וואָס האָט אין 1934 כלומרשט דורכגעפירט דעם מאָרד איבער דעם באָלשעוויסטישן פירער סערגעי קיראָוו. עס איז דאַן געקומען צו אַ שטורמישער דעבאַטע, וואָס ערענבורג האָט פּרובירט אָפּקילן מיט אַ מעטאַפאָרע: „יעדע רעוואָלוציע פאַרשאַפט פיל ליידן, אָבער עס איז נישטאָ קיין געבורט אָן וויטיק...“

אויך אַנדרע זשיד, וועלכער האָט מיט אַ צייט שפּעטער, נאָך די ערשטע מאָסקווער פּראָצעסן פון יאָר 1936, זיך אָפּגעקערט פון סאָוועט־רוסלאַנד האָט בעת דער דיסקוסיע וועגן וויקטאָר סערזש פאַרטיידיקט דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד און גערופן די פאַרזאַמלטע שרייבער נישט אַריינצוברענגען קיין דיסאָנאַנסן, ווייל „דער טראָפּ פון קאָנגרעס דאַרף געשטעלט ווערן אויפן קאַמף קעגן נאַציזם און פאַשיזם“.

מיקיטענקאָ'ס נאָענטסטער חבר אויף אָט־דעם שרייבער־קאָנגרעס

איז געווען דער אוקראַינישער דראַמאַטורג אַלעקסאַנדער קאָרנעיטשוק, וועלכער איז — פונקט ווי מיקיטענקאָ — געווען אויפגעבראַכט צוליב טיכאָנאָוו׳ס אַרויסטריט. קאָרנעיטשוק האָט אָבער באַוויזן איבערצולעבן די סטאַלין־אינקוויזיציע, בעת מיקיטענקאָ איז געווען איינער פון די ערשטע אוקראַינישע שרייבער צו ווערן ליקווידירט. דאָס איז געשען אין יאָר 1936, קוים איין יאָר נאָכן פּאַריזער קאָנגרעס.

פּאַראַלעל מיט די פאַרפאָלגונגען קעגן דער אוקראַינישער קולטור האָבן זיך אויך אָנגעהויבן די רדיפות קעגן דער אידישער ליטעראַטור. עס איז צוגעמאַכט געוואָרן דער „קיעווער אינסטיטוט פאַר אידישער קולטור״, אין וועלכן עס זיינען געווען באַשעפטיקט קרוב צוויי הונדערט וויסנשאַפטלעכע מיטאַרבעטער, און עס זיינען אַרעסטירט געוואָרן די פירער פון אינסטיטוט — מאַקס עריק, מיכל לעוויטאַן, ג. גאָראַכאָוו א. אַנד.

אין סעפּטעמבער 1937, ווען די מאָסקווער פּראָצעסן זיינען שוין געווען אין פולן גאַנג און די ליקווידאַציע פון די אידישע קולטור־אינסטיטוציעס אין כרושטשאָוו׳ס אוקראַינע איז שוין כמעט געווען פאַרענדיקט, איז אין פּאַריז פאַרגעקומען די אידישע ווערסיע פון אינטערנאַציאָנאַלן קולטור־קאָנגרעס.

אויך דאָס מאָל איז נישט געקומען קיין שום אידישער שרייבער פון סאָוועט־רוסלאַנד. דאַקעגן איז געווען אַנוועזנדיק די אידישע שרייבער־דעלעגאַציע פון אַמעריקע, בראש מיט מ. אָלגין, ה. לייוויק און יוסף אָפּאַטאָשו. אָבער אין קעגנזאַץ צו דעם „אינטערנאַציאָנאַלן קולטור־קאָנגרעס״, בעת וועלכן עס איז פון דער טריבונע געמאַכט געוואָרן אַן אָפענע אָנקלאַגע קעגן סטאַלין־טעראָר, איז אויפן „אידישן קולטור־קאָנגרעס״ מיט קיין איין וואָרט נישט דערמאָנט געוואָרן דער אַרעסט פון אידישע שרייבער.

אין דער זעלבער צייט איז אין באַרצעלאָנאַ פאָרגעקומען דער צווייטער „אינטערנאַציאָנאַלער קאָנגרעס פאַר דער פאַרטיידיקונג פון

דער קולטור". אויך דאָס מאָל איז איליאַ ערענבורג געווען די טרייב־קראַפט פון דעם שרייבער־צוזאַמענפאַר. דער צוזאַמענשטעל פון דער סאָוועטישער דעלעגאַציע איז אָבער שוין געווען גאָר אַנדערש ווי אין יאָר 1935. איזאַק באַבעל און באָריס פּאַסטערנאַק זיינען נישט געקומען און עס זיינען שוין נישט געשיקט געוואָרן קיין פאַרטרעטער פון די מינדערהייטס־ליטעראַטורן. דער סטאַלין־טעראָר איז שוין געווען אין פולן גאַנג.

דער שפּאַנישער בירגער־קריג האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ נייעם ווענד־פּונקט אין לעבן און שאַפן פון איליאַ ערענבורג — נאָך אַ פּעריאָד פון מיטמאַכן די סאָץ־רעאַליסטישע ליניע, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין פאַרהערלעכן די סטאַכאַנאָווצעס און זייערע אויפטוען פאַר דער סאָוועטישער אינדוסטריע. צו דעם דאָזיקן פּעריאָד געהערן ערענבורג'ס שוואַכסטע ראָמאַנען — „דער צווייטער טאָג" און „מיט איין אָטעם", וואָס זיינען געווען אין שאַרפער סתירה צו זיינע ווערק פון מערב־אייראָפּעאישן פּעריאָד, ווי: „כוליאָ כורעניטאָ", „לאַזיק רויטשוואַניעץ", „די ליבע פון זשאַן נעי" און די דערציילונגען „די דרייצן לולקעס".

ערענבורג'ס פּלאַמיקע רעפּאָרטאַזשן פון די שפּאַנישע פראָנטן זיינען דערשינען נישט בלויז אין סאָוועט־רוסלאַנד, נאָר אויך אין רעפּובליקאַנישן שפּאַניע און האָבן אים פאַרשאַפט גרויס פּאָפּולאַריטעט צווישן די פראָנט־קעמפער. חוץ די טאָג־טעגלעכע באַריכטן פאַר דער „איזוועסטיאַ" האָט ער אויך אָנגעשריבן אַ ראָמאַן וועגן העראָאיזם פון שפּאַנישן פאָלק א. נ. „וואָס אַ מענטש באַדאַרף", און אַפילו לידער.

איך בין אָפט אַרומגעפאָרן מיט ערענבורגן איבער די פראָנטן, אָבער ער איז דאַן געווען מאָדנע אומצוטריטלעך, שווייגנדיק און פאַרכמורעט. בלויז איין מאָל האָב איך אים געזען אין אַ הייטערער שטימונג ,ווען אין דער קאַרל מאַרקס קאַזאַרמע אין באַרצעלאָנאַ איז פאַר־

געקומען די צערעמאָניע פון פאַרמירן אַ נייע מיליטערישע איינהייט אויף זיין נאָמען — די „איליאַ ערענבורג ראָטע". ער האָט איבער־געגעבן דער אָפּטיילונג די פאָן, אויף וועלכער עס איז אויסגעהאַפּטן געווען זיין נאָמען, און דערביי געהאַלטן אַ רעדע פול מיט צאָרן קעגן דער אינטערווענץ פון היטלער און מוסאָליני אין שפּאַנישן בירגער־קריג.

אין ערענבורג'ס געזאַמלטע ווערק איז פאַראַן אַ גרעסערער ציקל לידער וועגן שפּאַנישן בירגער־קריג. באַזונדערס דערשיטערנדיק איז דאָס ליד „יאַנואַר 1939", אין וועלכן ער שילדערט דעם צוזאַמענברוך פון רעפּובליקאַנישן שפּאַניע און דעם עקזאָדוס פון די קעמפער אין גלות אַריין:

אין דער פּייכטער נאַכט האָט דער ווינט געשליפן די פעלזן.
באַלאַסטעט פון וואָפן האָט שפּאַניען צום צפון געשפּאַנט.
אין אַ מעשענעם טרומייט ביזן גרויען באַגינען
האָט אומהיימלעך געבלאָזן אַ משוגענער מוזיקאַנט.
פון דער שלאַכט האָבן זעלנער די קאַנאָנען געראָלט אויף צוריק
און צעשראָקענע בהמות האָבן באָרוועסע דאָרפסלייט געטריבן שטום.
אָרעמע שפּילעכלעך האָבן פאַרהונגערטע קינדער געטוליעט צו זיך —
דאָס מויל פון אַ ליאַלקע איז געווען אַזוי ווייטיקלעך פאַרקרומט.
ס'זיינען פויערטעס געגאַנגען צום קימפעט אין ווינטערדיקן פעלד,
מיט געבורטס־ווייען געשפּאַנט און געשטאָרבן שטייענדיקערהייט.
ביים שיין פון צאַנקענדיקן פייער האָט מען זיך צעשיידט
און ס'האָט נאָך אַלץ געקלאָגט דער איינזאַמער טרומייט.
ס'איז געווען אַזוי ביטער און דאָך אַזוי וואונדערלעך דערהויבן —
מיט הויפנס שפּאַנישער ערד פאַרקראַמפּט אין די פויסטן.
אין אָט דער נאַכט האָט ס'ליד פון וואָרט זיך באַפרייט
און דערפער ווי שיפן האָבן געצויגן אין דער ווייט.

אין זיינע מעמואַרן האָט ערענבורג אויך טיילוויז אויפגעדעקט דעם אָפּגרונט פון די סטאַליניסטישע פאַרברעכנס אין רעפּובליקאַנישן שפּאַניע. ער דערציילט וועגן זיינע אומזיסטע באַמיאונגען אָפּצושטעלן

דעם ברודער־קאַמף צווישן די פּאַרטייען. מיט גרויס פאַרערונג רעדט ערענבורג וועגן דעם סאָוועטישן אַמבאַסאַדאָר אין מאַדריד, מאַרסעל ראָזענבערג, אגב אַ פּוילישער איד, און אַנטאָנאָוו־אָווסעיענקאָ, גענע־ראַל־קאָנסול אין באַרצעלאָנאַ.ביידע זיינען זיי ליקווידירט געוואָרן פאַר זייערע באַמיאונגען צו ווירקן אויף מאָסקווע, אָפּצושטעלן דעם טעראָר לגבי די אַנאַרכיסטן, וועלכע האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט גאָר אַ וויכטיקן כוח אין קאַמף קעגן די שפּאַנישע פאַשיסטן.

מאַרסעל ראָזענבערג איז אין מיט פון בירגער־קריג פּלוצים צו־ריקגערופן געוואָרן פון זיין אַמט און, ווי ערענבורג באַמערקט, איז ער „געפאַלן אַ קרבן פון ווילקיר". פיל אויספירלעכער רעדט ערענ־בורג וועגן דעם העלד פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, אַנטאָנאָוו־אָוו־סעיענקאָ, וועלכער האָט נישט אויפגעהערט צו וואָרענען מאָסקווע וועגן דער נויטווענדיקייט צו דערגרייכן אַ פאַרשטענדיקונג מיט די אַנאַר־כיסטן. אָט וויאַזוי ערענבורג שילדערט דעם טראַגישן סוף פון אַנטאָ־נאָוו־אָווסעיענקאָ:

„נישט געקוקט דערויף, וואָס ער האָט געהאַט בלויז דעם טיטול פון קאָנסול, איז ער געווען דער אייגנטלעכער אַמבאַסאַדאָר אין קאַ־טאַלאָניע. ער האָט געקענט דעם פראָנט, ער האָט אָפט געשמועסט מיט די קאָמאַנדירן און האָט זיך גוט אָפּגעגעבן אַ דין־וחשבון פון דער לאַגע... ווען ער פלעגט צוריק קומען קיין באַרצעלאָנאַ און מיר זיי־נען געבליבן זאַלבעצווייט, האָב איך געזען, ווי שווער עס איז אים געווען. אפשר האָט ער געהאַט אַ פאָרגעפיל, וואָס עס דערוואַרט אים. איך ווייס נישט. ער איז פאַרבליבן אין באַרצעלאָנאַ העכער אַ יאָר צייט און ווען ער איז צוריקגעקומען קיין מאָסקווע, איז ער מיטאַמאָל פאַר־שוואונדן. עס איז אויך פאַרשוואונדן זיין נאָמען פון אַלע שילדערונגען וועגן שטורעמען דעם „ווינטער־פּאַלאַץ". ער איז געווען אַ מענטש מיט אַ לויטערער נשמה, אַ מוטיקער, אַן איבערגעגעבענער. ער איז

אומגעקומען בלויז דערפאַר, ווייל די וואַלד־העקער האָבן געדאַרפט אויספילן עפּעס אַ טייוולאָנישע נאַרמע".

ערענבורג איז מודה, אַז דעם ענין שפּאַניע האָט ער קוים אָנגע־רירט, ווייל יעדעס מאָל, ווען ער האָט גענומען שרייבן וועגן דעם דאָזיקן טראַגישן קאַפּיטל, האָט ער פאַרלוירן די גלייכגעוויכט: „איך טראַכט, פאַרוואָס יעדעס מאָל, ווען איך נעם זיך שרייבן וועגן דעם שפּאַנישן קריג, ווער איך אויפגערעגט און לייג אַוועק די אָנגעהויבענע בלעטלעך פון מאַנוסקריפּט..."

XVI

# „אַזוי שלאָגן זיך אידן״

ערענבורג׳ס אידישקייט איז געווען אַן עמאַציאָנעלע, וואָס האָט זיך ביי אים צעפלאַקערט אין מאָמענטן פון רדיפות קעגן אידן, בעת אַנ־דערע אַסימילירט־אידישע אינטעלעקטואַלן פון אינטערנאַציאָנאַלן רום האָבן געשוויגן און נאָך מער קאַמופלאַזשירט זייער אידישן אָפּשטאַם. ערענבורג האָט זיך פאָרמעל בישט באַקענט צו דער גורל־שותפות פון אידישן פאָלק, וואָס איז אויסגעשמידט געוואָרן אין פייער פון געשיכטלעכן געראַנגל און אין קאַמף פאַר עטישע ווערטן. אין זיין כאַראַקטעריסטישער טראָציקייט האָט ער זיך אָבער אידענטיפיצירט ווי אַ איד — להכעיס די אַנטיסעמיטן.

אָט־די אידישע אידענטיטעט האָט ערענבורג אַפילו וואולגאַרי־זירט מיט זיין זאָג, אַז אויב מען וואָלט גערודפט מענטשן מיט „רויטע האָר״ אָדער „לאַנגע נעז״, וואָלט פאָרגעקומען אַ פאַרברידערונג צווישן די דאָזיקע מענטשן.

איך האָב ערענבורגן געפרעגט וועגן דעם, צי ער באַטראַכט זיך טאַקע נאָר ווי אַ איד „דאָלאָריס קאַוזאַ״. דערויף האָט ער מיט דער גאַנצער אָפנהאַרציקייט געענטפערט, אַז ער האָט אין זיין לעבן געזאָגט

און געשריבן זאַכן, וואָס ער וואָלט נישט מער אַריינגענומען אין זיין טעסטאַמענט. „נאָר פאַרביסענע דאָגמאַטיקער" — האָט ער אונטער־געשטראָכן — „האַלטן, אַז זיי זיינען אָן פעלערן און וועלן ליבערשט אומברענגען מענטשן, ווי זיך מודה־זיין אין זייערע טעותים".

ערענבורג, דער אוניווערסאַליסט, האָט זיך אויך אידענטיפיצירט מיט דיליידן און פיין פון פאַרשידענע פעלקער, וועלכע האָבן גע־קעמפט פאַר זייער פרייהייט. עס זיינען וועגן דעם קודם־כל עדות זיינע מיטרייסנדיקע שילדערונגען פון שפּאַנישן בירגער־קריג און פון פראַנצויזישן ווידערשטאַנד קעגן די נאַציס. זיין בוך וועגן פאַלן פון פּאַריז איז נישט דורכגעלאָזט געוואָרן דורך דער סאָוועטישער צענ־זור, ווייל ער האָט די נאַציס באַצייכנט ווי „פאַשיסטן" און דאָס איז דאַן געווען קעגן דער ליניע פון מאָלאָטאָוו־ריבענטראָפּ־אָפּמאַך. ערשט אין פרילינג פון יאָר 1941, ווען דער נאַצישער איבערפאַל אויפן סאָוועטן־פאַרבאַנד איז געווען בלויז אַ פראַגע פון טעג, האָט סטאַלין טעלעפאָנירט ערענבורגן און אים געזאָגט, אַז זיין בוך וועגן פראַנקרייך וועט דער־שיינען.

דאָך זיינען ערענבורג'ס רעפּאָרטאַזשן וועגן שפּאַנישן בירגער־קריג און וועגן דעם אונטערערדישן ווידערשטאַנד פון פראַנצויזישן פאָלק קעגן די נאַציס נישט צו פאַרגלייכן מיט זיין צאָרן־אויסגעשריי און שילדערונגען פון די נאַצישע אכזריות קעגן די אידן, וואָס ער האָט געבראַכט צום אויסדרוק אין פּראָזע און אין דיכטונג.

די פּאָעטישע לירע איז נישט געווען ערענבורג'ס שטאַרקסטער אינסטרומענט. עס איז אָבער כאַראַקטעריסטיש, אַז אין אַלע פאַזן פון זיין שטורמיש לעבן האָט ער די טיפסטע איבערלעבונגען און זיין אינערלעכן געראַנגל אַלעמאָל פּרובירט אויסדריקן אין פערזן, אין וועלכע עס הערט זיך אָפט אַ געצוימטער, אידישער קרעכץ.

ביים אָנהויב פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ערענבורג

אָנגעשריבן דאָס ליד „ערגעץ אין פוילן" וועגן די פּאָגראָמירטע אי־דישע שטעטלעך און פאַרברענטע ספרי־תורה. אויך ביים אָנהויב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, אין 1940, ווען מאָסקווע איז נאָך געווען אין שותפות מיט בערלין, האָט ערענבורג אין לירישע סטראָפן גע־שילדערט דעם גורל פון די געיאָגטע און געפּלאָגטע „חיים'ס, רחל'ס און לאה'ס". ערענבורג פאַרענדיקט דאָס ליד מיט דעם אויסגעשריי:

וויי איז מיר, עס האָט זיך געעפנט די אַלטע וואונד,
מיין מאַמעס נאָמען איז געווען — חנה.

נאָך איידער די אידישע סאָציאָלאָגן פון הוגאָ בעטלהיימ'ס חדר האָבן אין זיכערן, זאָטן אַמעריקע אויסגעקליגלט די טעאָריע וועגן דעם, אַז אידן אין נאַצי־אָקופּירטן אייראָפּע האָבן זיך געלאָזט פירן צו דער שחיטה ווי שאָף, האָט שוין ערענבורג זיי געענטפערט:

„היטלער האָט געגלויבט, אַז ער וועט די אידן מאַכן פאַר אַ ציל־ברעט צום שיסן. איצט זעט ער: דאָס ציל־ברעט גופא שיסט! אידן זיינען געווען געלערנטע און אַרבעטער, פילאָזאָפן און מוזיקער, דאָקטוירים און טרעגער. אידן האָבן ליב געהאַט דעם פיינעם געדאַנק און וואָרט; זיי האָבן ליב געהאַט שלום און מענטשן. די אייניקלעך פון די מכבייער זיינען אָבער נישט קיין פּחדנים. די אידן האָבן אָנ־גענומען די שלאַכט".

אַזוי האָט ערענבורג געשריבן אין אַ לענגערן רעפּאָרטאַזש א"ב „אַט אַזוי שלאָגן זיך אידן", וואָס איז דעם 7טן נאָוועמבער 1942 דערשינען אין דער מאָסקווער „אייניקייט". די דאָזיקע שילדערונגען וועגן אידישער גבורה געהערן צו די שענסטע בלעטלעך אין דער ליטעראַטור וועגן אידישן ווידערשטאַנד קעגן די נאַציס. ערענבורג אידענטיפיצירט זיך מיט די העלדישע אידישע קעמפער און נוצט אָפט ביבלישע פאַרגלייכן:

„אפשר האָבן די דייטשן געקענט באַברילטע אידן, אַנגעבויגענע איבער ספרים? נו, יאָ, אין די שוואַרצע פינטעלעך קענען מיר זיך

אויס. מיר פאַרשטייען אָבער אויך ווי צו הרגענען. אויף אונזערע פּאָזיציעס זיינען געגאַנגען דייטשע טאַנקען. אין שוץ־גרוב איז געלעגן דער אידישער בחור דוד קאַץ, אָבער דוד איז נישט אָפּגעטראָטן פאַרן געפּאַנצערטן גלית הפלישתי".

די דאָזיקע שורות זיינען ווי אַנגעמאָסטן פאַר דעם נצחון פון דער ישראל־אַרמיי אין דער זעקס־טאָגיקער מלחמה — קעגן דעם נייעם גלית־הפלישתי, וועלכער האָט אויף די בערג פון גולן און אין מדבר סיני אויפגעטויכט אין סאָוועטישן פּאַנצער.

אין די אויגן פון אידישע סאָלדאַטן און אָפיצירן אין דער רויטער אַרמיי און אין די פּאַרטיזאַנען איז ערענבורג אויסגעוואַקסן צום סימ־באָלישן היטער פון אידישן כבוד, צוליב זיין אָפטן אַרויסהויבן די אידישע גבורה און מאַנען נקמה קעגן די דייטשן.

אַ באַשטעטיקונג דערויף געפינען מיר אין די צאָלרייכע בריוו, וואָס ערענבורג האָט באַקומען פון די אידישע פראָנט־קעמפער. צו זיי האָט אויך געהערט דער 17־יאָריקער בחור חיים דיסקין, וועלכער האָט זיך פרייוויליק געמאָלדן אין דער אַרמיי, געוואָרן פיל מאָל פאַרוואונדעט און האָט באַקומען די העכסטע אויסצייכענונגען.

„דיסקין" — שרייבט ערענבורג — „איז איצט אַ העלד פונעם סאָוועטן־פאַרבאַנד. פאַרפייניקטע אידן פון קיעוו און קערטש, הערט זיך איין: פאַר אייך האָט מען נקמה־גענומען! דאָס 17־יאָריקע אינגל חיים דיסקין האָט אונטערגעצונדן פינף דייטשע טאַנקען... היטלער האָט אומזיסט זיך געפריידט. איין זאַך איז מאָרדן אומבאַוואָפנטע זקנים אין וואַרשעווער געטאָ און גאָר עפּעס אַנדערש איז טרעפן זיך אויפן שלאַכטפעלד מיט דוד קאַצן אָדער מיט חיים דיסקין".

ערענבורג ציטירט אַ בריוו פון דעם רויט־אַרמייער שלמה קאַר־מינסקי, וועלכער שרייבט אים: „איך בין אַ איד און בין שטאָלץ דער־מיט. איך גרויס זיך דערמיט, וואָס האַנט אין האַנט מיט רוסן, אוקראַי־נער, גרוזינער און טאַטאַרן, שלאָגן זיך אידן. איך בין גרייט צו לייגן

דעם קאָפּ. איך קלייב זיך אָבער נישט צו שטאַרבן — זאָלן בעסער פּגרן די פּריצן. עטלעכע פּריצן האָב איך שוין אַוועקגעשיקט צו זייערע עלטער־באָבעס אויף יענער וועלט. פאַר קיעוו, פאַר אָדעס, פאַר כאַרקאָוו האָב איך נאָך מיין חשבון מיט זיי נישט פאַרענדיקט״.

דעם דאָזיקן רעפּאָרטאַזש ענדיקט ערענבורג: „מיר וועלן זיך אָנזעטיקן מיט נקמה! היטלער האָט אונז געוואָלט אויסטיילן מיט אַ שאַנד־לאַטע. ער האָט אונז דערמיט פאַרשאַפט רום. זיין האַס — איז אונזער שטאָלץ. מיר צייכענען זיך אויס אין שלאַכט. האָסט דערהרגעט אַ דייטש? אייל־זשע זיך צו דערהרגענען דעם צווייטן — דו ביסט דאָך אַ איד!״

נישט יעווטושענקאָ, נאָר ערענבורג האָט דער ערשטער אין דער סאָוועטישער ליטעראַטור געשילדערט דעם אומקום פון די אידן אין באַבי יאַר. ער האָט דאָס געטאָן אין ליד און אין פּראָזע. אין יאָר 1944 האָט ערענבורג אָנגעשריבן אַ ליד „באַבי יאַר״ וועגן די מאַסן־קברים אַרום זיין הײמ־שטאָט קיעוו. פון באַבי יאַר טראָגן זיך צו אים די קולות פון די אומגעבראַכטע, וועלכע זאָגן אָן זייער תחית־המתים:

מיר וועלן אָנגורטן די לענדן, מיר וועלן אויפשטיין —<br>אַ קלינג־טאָן מיט די ביינער און גיין דאָרט,<br>וואו לעבעדיקע שטעט אָטעמען מיט ברויט און מחיה׳דיקע ריחות.<br>פאַרטונקלט דאָס ליכט, נידערט אַראָפּ די פענער —<br>מיר קומען צו אייך — גריבער זיינען נישט פאַר אונז!

אין זעלבן יאָר האָט ערענבורג אויך אָנגעשריבן אַ ליד וועגן אידישן אומקום אין די געטאָס. דער לייט־מאָטיוו פון אָט־דעם ליד איז די איזאָלירטקייט און עלנטקייט פון די פאַרפאָלגטע אידן און די אַנדערשקייט פון אידישן גורל.

אויך אין זיין ראָמאַן „דער שטורעם״, וואָס איז דערשינען אין יאָר 1947, שילדערט ערענבורג דעם אומקום פון די אידן אין קיעוו.

מיטן דאָזיקן ראָמאַן האָט זיך פאַרענדיקט ערענבורג׳ס פּערזענלעכער קרייץ־צוג קעגן די דייטשן, וואָס האָט אין די יאָרן פון דער „פאָטער־לענדישער מלחמה״ אים אַרויסגערוקט אין סאַמע־אויבנאָן צווישן די וויכטיקסטע שרייבער.

ערענבורג׳ס פראָנט־רעפּאָרטאַזשן, וואָס זיינען דערשינען אין דער צייטונג פון דער רויטער אַרמיי, „קראַסנאַיאַ זוויעזדאַ״ (דער רויטער שטערן), האָבן אים דערוואָרבן אומגעווייגלעכע פּאָפּולאַריטעט צווישן די סאָלדאַטן און אָפיצירן. די פאַרהערלעכונג פון ערענבורגן איז דער־גאַנגען אַזוי וויט, אַז ער איז באַצייכנט געוואָרן ווי דער „פאָלקס־קאָמיסאַר פאַר באַוואָפענונג מיט האַס״. אין אַ פּאַרטיזאַנען־אָפּטיילונג ערגעץ אין ווייסרוסלאַנד, וואו עס האָט אויסגעפעלט ביבולע־פאַפּיר אויף ציגאַרעטן, האָט דער קאָמאַנדיר אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אין וועלכן עס האָט זיך געזאָגט, אַז מען מעג נוצן די „קראַסנאַיאַ זוויעזדאַ״ אויף צו וויקלען ציגאַרעטן — חוץ די אַרטיקלען פון איליאַ ערענבורג! (די דאָזיקע פאַקטן ווערן אַרויסגעבראַכט אין אַן אַרטיקל פון איציק פעפער אין דער „איינִיקייט״ פון מאַי 1944, געווידמעט איליאַ ערענ־בורג).

ערענבורג האָט רעגולער, טאָג־טעגלעך, געשריבן זיינע באַריכטן פון פראָנט און האָט אָפט מיטמאַרשירט מיט די סאָלדאַטן צו דער ערשטער פייער־ליניע. אין אָקטאָבער 1941, נאָך הונדערט טעג פון קריג, האָט ער שוין געהאַט פאַרעפנטלעכט ניינציק קריגס־רעפּאָר־טאַזשן, חוץ לידער און ספּעציעלע אויפרופן צו דער רויטער אַרמיי.

ער האָט מיטגעמאַכט דאָס שטורעמען פון דניעפּר און באַגלייט די אַוואַנגאַרד־אָפּטיילונגען, וואָס האָבן באַפרייט זיין היימשטאָט קיעוו און אַנדערע שטעט אין דער אוקראַינע. ער האָט אויך דער ערשטער באַ־ריכטעט וועגן דעם אידישן אומקום אין ווילנע און וועגן דעם העל־דישן ווידערשטאַנד פון די דאָרטיקע אידישע פּאַרטיזאַנען.

דורך די פינף יאָר פון קריג האָט ערענבורג אָנגעשריבן העכער טויזנט רעפּאָרטאַזשן, אין וועלכע עס שפּיגלט זיך אָפּ די העלדישע עפּאָפּייע פון קאַמף אויף די פראָנטן, דער חורבן פון די באַפרייטע שטעט און שטעטלעך און די ליידן פון דער ציוויל־באַפעלקערונג. די מיטרייסנדיקע שילדערונגען זיינען דורכגעפלאָכטן מיט בליציקע רע־פלעקסן וועגן מענטשלעכן גורל און די פאַרביקע פּאָעטישע מעטאַפאָ־רעס זיינען האַרמאָניש צונויפגעוועבט מיט שלאָגפערטיקע סלאָגאַנס, וועמענס לייט־מאָטיוו איז דער גליענדיקער האַס צו די בעסטיאַלישע נאַצים.

אין פרילינג פון יאָר 1944 האָט ערענבורג פאַרעפנטלעכט אין בוך־פאָרם אַן אָפּקלייב פון זיינע פראָנט־רעפּאָרטאַזשן אונטערן נאָ־מען: „מלחמה״. אין דער הקדמה צו דעם דאָזיקן בוך זאָגט זיך צווישן אַנדערן:

„עס איז אונז נישט אָנגעקומען אַזוי לייכט זיך צוצואייגענען דאָס געפיל פון האַס. מיר האָבן דערפאַר באַצאָלט מיט שטעט, פּראָווינצן און הונדערטער טויזנטער מענטשלעכע לעבנס. איצט איז אונזער האַס געוואָרן רייף... מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז עס קען נישט זיין פאַר אונז קיין לעבן אויף דער וועלט, צוזאַמען מיט די פאַשיסטן״.

קורץ נאָכדעם האָט ערענבורג געמאַכט אַ צווייטן אָפּקלייב פון רעפּאָרטאַזשן, געווידמעט די נאַצישע רציחות לגבי דער אידישער באַ־פעלקערונג, אונטערן נאָמען: „מערדער פון פעלקער״. אין דער הקדמה צום דאָזיקן באַנד זאָגט זיך:

„אַלע דאַרפן לייענען דאָס בוך. אַזוי פאָדערן די לעבעדיקע און די טויטע. אַזוי פאָדערט דאָס געוויסן״.

אין דעם בוך „מערדער פון פעלקער״ ווערט דערציילט די טראַ־גישע פאַסירונג מיט דער אידישער דאָקטאָרשע, ליובאַ לאַנגמאַן פון סאַראָטשיצע, וועלכע איז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די דייטשן,

צוזאַמען מיט איר טעכטערל. אין ערשטן אויגנבליק האָט זי זיך גע־בעטן ביי די דייטשן: „הרגעט נישט דאָס קינד!" מיטאַמאָל אָבער האָט זי זיך באַטראַכט און צודריקנדיק דאָס מיידעלע צו דער ברוסט האָט זי אויסגערופן: „שיסט, איך וויל נישט, אַז מיין קינד זאָל לעבן אין איין וועלט מיט אייך!"

פאַר זיינע מלחמה־רעפּאָרטאַזשן האָט ערענבורג באַקומען דעם לענין־אָרדן, וואָס איז אים איבערגעגעבן געוואָרן ערגעץ אויף דער פראָנט־ליניע. אין דעם באַפעל, וואָס האָט באַגלייט דעם אָרדן, האָט זיך געזאָגט, אַז ערענבורג באַקומט די אויסצייכענונג פאַר זיין „דער־פאָלגרייכער מיליטעריש־ליטעראַרישער טעטיקייט אין דער פאָטער־לענדישער מלחמה". דאָס איז געווען צום ערשטן מאָל, ווי די דאָזיקע פאָרמולירונג איז גענוצט געוואָרן אין אַ באַפעל פון דער סאָוועטישער מאַכט.

די ווערטלעך, אַפאָריזמען, פאָרמולירונגען און סלאָגאַנס פון ערענ־בורג׳ס קריגס־רעפּאָרטאַזשן זיינען ציטירט געוואָרן אין די טאָג־באַ־פעלן פון די קאָמאַנדירן אויף די פראָנטן און זיינען אַריין אין סאָוועטישן פאָלקלאָר פון קריג קעגן די נאַציס.

מיט דער דערנענטערונג פון דער נאַצישער מפּלה האָבן אָבער אין סאָוועט־רוסלאַנד זיך גענומען הערן שטימען, וואָס האָבן געפּאָדערט צו צוימען ערענבורג׳ס האַס־אויסדרוקן קעגן די דייטשן. אין דער „פּראַוודאַ" פון 14טן אַפּריל, 1945, איז דערשינען אַן אַרטיקל פון ג. אַלעקסאַנדראָוו א. ג. „חבר ערענבורג מאַכט עס צו־פּשוט". דאָס איז געווען אַ שאַרפער אַרויסטריט קעגן ערענבורגן פאַר זיין פאַראורטיילן דאָס גאַנצע דייטשע פאָלק, וואָס ער האָט באַצייכנט ווי אַ „מעכטיקע באַנדע פאַרברעכער". אַלעקסאַנדראָוו פאַררופט זיך אויף סטאַלינען, וועלכער האָט אין אַ רעדע געזאָגט: „היטלערס קומען און גייען, אָבער דאָס דייטשע פאָלק און די דייטשע מלוכה — בלייבט".

דאָס איז געווען דער אָנהויב פון דער נייער סאָוועטישער ליניע פון אָפּשוואַכן דעם האַס קעגן דייטשן פאָלק, כדי נאָך דעם נצחון זיך צו קענען ליציטירן מיטן מערב ביים געווינען די סימפּאַטיעס צווישן די געשלאָגענע דייטשן. צוזאַמען מיט דער דאָזיקער נייער איינשטעלונג האָט זיך אָנגעהויבן דער פּראָצעס פון פאַרטושן דעם פאַרנעם פון אידישן אומקום און דאָס מינימיזירן די העלדישקייט פון אידישע פּראַנט־קעמפער און פּאַרטיזאַנען, וואָס ערענבורג האָט אַזוי אָפט אַרויסגעהויבן אין זיינע באַריכטן. דאָס האָט געפונען אַן אויסדרוק אין דעם באַפעל פון יאָר 1946 וועגן אָפּשטעלן דעם דרוק פון „שוואַרצן בוך" וועגן אידישן אומקום, וואָס ערענבורג האָט געהאַט רעדאַקטירט צוזאַמען מיט וואַסילי גראָסמאַן.

פון אַט־דער צייט שטאַמט אויך ערענבורג׳ס פּאָעמע „איך בין אַ איד", וואָס איז געווען אַן אָפּרוף אויפן ליד פון דער אידיש־רוסישער דיכטערין מאַרגאַריטאַ עליגער וועגן די אַנטיסעמיטישע פאַרלוימדער. אין דער דאָזיקער פּאָעמע קומט ווידעראַמאָל צום אויסדרוק ערענבורג׳ס אידענטיפיצירן זיך מיט אידן. עס איז אַ פּאָעמע וועגן דער אידישער מאַרטיראָלאָגיע אין פאַרשידענע גלותן, ביז נאַצי־דייטשלאַנד. עס רעדט זיך דאָרט וועגן דער אומשטערבלעכקייט פון אידישן פאָלק און וועגן דער העלדישקייט פון די מכבייער.

XVII

# די פינצטערע סטאַלין־תקופה און „די אויפטייאונג"

אין יאָר 1946 איז ערענבורג געקומען קיין אַמעריקע מיט אַ גרופּע סאָוועטישע שרייבער, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען קאָנסטאַנטין סימאָנאָוו און דער רעדאַקטאָר פון דער אַרמיי־צייטונג „קראַסנאַיאַ זוויעזדאַ", גענעראַל מיכאַאיל גאַלאַקטיאָנאָוו, אויף וועמען מען האָט געקוקט ווי אויף דעם „קאָמיסאַר" פון דער דעלעגאַציע.

אין זיינע מעמואַרן רעדט ערענבורג מיט גרויס פאַרערונג וועגן דעם דאָזיקן „שווייגנדיקן, באַשיידענעם" גענעראַל, וועלכער איז אין די דרייסיקער יאָרן געווען אַ קרבן פון סטאַלין־טעראָר. בעת דער מלחמה איז ער געוואָרן רעהאַביליטירט. ער איז אָבער קיינמאָל מער נישט צוריקגעקומען צו זיך, געווען מורא'דיק דערשלאָגן און אין יאָר 1950, ווען דער סטאַלין־טעראָר איז געוואָרן פאַרשטאַרקט, איז ער באַגאַנגען זעלבסטמאָרד.

וועגן זיין נסיעה איבער די פאַראייניקטע שטאַטן האָט ערענבורג פאַרעפנטלעכט אַ סעריע לעבהאַפטע רעפּאָרטאַזשן, אין וועלכע ער האָט אונטערגעשטראָכן די שאַרפע קאָנטראַסטן אין אַמעריקאַנער טאָג־טעגלעכן לעבן: רייכטום און אָרעמקייט, פרייהייט און דיסקרימינאַציע, פּראָגרעס און צוריקגעשטאַנענקייט, ליבעראַליזם און רעאַקציע. דער־

ביי האָט ער די פּאָזיטיווע דערשיינונגען געשילדערט מיט גרויס ענטוזיאַזם.

דאָס איז געווען אַ געוואַגטקייט אין יענער צייט, ווען די סענסאַציאָנעלע טשוירטשיל־מעטאַפאָרע וועגן „אייזערנעם פאָרהאַנג" איז שוין געווען אַ רעאַליטעט. נאָך זיין צוריקקער פון אַמעריקע האָט ערענבורג נאָך שטאַרקער דערפילט די אַטמאָספער פון פחד, וואָס האָט אַלץ מער גענומען פאַרכאַפּן דאָס געמיט פון סאָוועטישן מענטש.

אין דעם דאָזיקן פּעריאָד, צווישן 1946 און 1953, האָט ערענבורג דורכגעמאַכט דעם שווערסטן אינערלעכן געראַנגל. דאָס איז געווען דער פּעריאָד פון אויפגעשרויפטן סטאַלין־קולט, וואָס איז באַגלייט געוואָרן דורך אַן אַנטי־אידישער כוואַליע און האָט איר פאַרברעכערישן הויך־פּונקט דערגרייכט אין דער פאַרניכטונג פון די אידישע קולטור־אינסטיטוציעס, דעם מאַסן־מאָרד איבער אידישע שרייבער און אין דעם „דאָקטוירים־בלבול" פון יאַנואַר 1953 — ערב סטאַלינ'ס טויט.

אין אָט־דער פינצטערער תקופה אין דער געשיכטע פון סאָוועטישן אידנטום האָט ערענבורג פּלוצים באַקומען דעם סטאַלין־פּרייז פאַר ליטעראַטור. די צערעמאָניע פון איבערגעבן דעם פּרייז איז פאָרגעקומען דעם 27טן יאַנואַר, 1953. דאָס איז געווען אין מאָמענט, ווען די העץ־קאַמפּאַניע קעגן די „אידישע מערדער אין ווייסע כאַלאַטן"" האָט גע־האַט דערגרייכט איר הויכפּונקט.

אין זיינע מעמוואַרן דערציילט ערענבורג, אַז ערב דער צערעמאָניע האָט מען פון אָפיציעלע קרייזן אים אונטערגעשעפּטשעט, אַז אין זיין רעדע זאָל ער אויך דערמאָנען וועגן די „דאָקטוירים־פאַרברעכער". דערויף האָט ערענבורג געענטפערט, אַז ער וועט דאָס נישט טאָן און אַז ער איז גרייט זיך אָפּצואָגן פונעם פּרייז.

דאָך האָט ערענבורג, צוזאַמען מיט אַנדערע פירנדיקע סאָוועטישע שרייבער, מיטגעקלאָגט אויפן טויט פון סטאַלינען. ער האָט דאָס געטאָן אין אַן אַרטיקל א. נ. „דער גרויסער פאַרטיידיקער פון שלום", וואָס איז

דעם 11טן מערץ 1953 דערשינען אין דער „פּראַוודאַ". נאָך פריער, דעם 7טן מערץ — קוים צוויי טעג נאָך סטאַלינ׳ס טויט — איז אין דער „פּראַוודאַ" אויף דער פראָנט־זייט דערשינען אַ קלאָג־ליד פון דעם פּאָעט אַלעקסאַנדער טוואַרדאָווסקי, וועלכער איז שפּעטער, ווי דער רעדאַקטאָר פון זשורנאַל „נאָווי מיר", געוואָרן דער וואָרט־זאָגער פון די רעבעליאַנטישע סאָוועטישע שרייבער. קלאָג־אַרטיקלען וועגן סטאַלינען האָבן אין דער „פּראַוודאַ" אויף פאַרעפנטלעכט גלאַדקאָוו, טיכאָנאָוו, סימאָנאָוו און די עלטסטע אידיש־רוסישע שרייבערין ווערא אינבער.

קוים אין יאָר נאָך סטאַלינ׳ס טויט האָט ערענבורג איבערראַשט די וועלט מיט זיין ראָמאַן „אָטיעפּעל" (אויפטייאונג). דאָס איז געווען דער ערשטער אָנזאָג וועגן דעם פלאַצנדיקן סטאַליניסטישן אייז, וואָס ערענבורג האָט אויפגעכאַפּט מיט דער סענסיטיווקייט פון אַ סעיסמאָגראַף.

בעת מיין צווייטן באַזוך ביי ערענבורגן אין מאָסקווע האָט ער מיר דערציילט, אַז ער האָט דעם ראָמאַן געגומען שרייבן ממש אויף צו־מאָרגנס, ווי עס איז געהאַט צוריקגעצויגן געוואָרן דער בלבול קעגן די אידישע דאָקטוירים.

„דאָס איז געווען סוף מערץ" — האָט ערענבורג געזאָגט — „ליובאַ און איך זיינען אַרויסגעפאָרן אין אונזער דאַטשע".

„אין פּערעדעלקינאָ ?" — האָב איך געפרעגט, ווייל מיט עטלעכע טעג פריער בין איך געווען אויף אַ באַזוך ביי קאָרנעי טשוקאָווסקי אין פּערעדעלקינאָ, וואו באָריס פּאַסטערנאַק האָט געלעבט און איז אויך דאָרט געקומען צו קבורה. עס האָבן דאָרט זייערע היימען אַנדערע באַרימטע סאָוועטישע שרייבער. איך בין דעריבער געווען זיכער, אַז אויך ערענבורג׳ס „דאַטשע" געפינט זיך אין פּערעדעלקינאָ.

„ניין, אונזער דאַטשע געפינט זיך אין נאָוואַ־יערוסאַלעם (ניי־ירושלים)" — האָט ערענבורג געענטפערט. דאָס האָט פאַר מיר אויפ־

געקלערט די רעטעניש, וואָס אונטער אַ צאָל פון ערענבורג׳ס לידער געפינט זיך דער נאָמען „נאָווא יערוסאַלים", וואו די לידער זיינען אָפּנים אַנשטאַנען. ערענבורג האָט דאַן ווייטער דערציילט וועגן דער אַטמאָספער, אין וועלכער עס איז ביי אים געבוירן געוואָרן די אידייע וועגן דעם ראָמאַן „אַטיעפּעל":

„עס איז געווען אַ מאָדנע זוניק וועטער אין אָט דעם פרילינג, נאָך סטאַלינ׳ס טויט. דער שניי האָט גאָר פרי זיך גענומען שמעלצן... איך האָב דאָס בוך אָנגעשריבן אין פאַרלויף פון זעקס חדשים. עס האָט אָבער די צענזאָרן גענומען פיל לענגער איבערצולייענען דאָס בוך און דער עיקר, צו באַשטימען, אַז מען קען עס דרוקן".

דער ראָמאַן „אַטיעפּעל", וואָס איז אַזוי סכעמאַטיש אין דער גע־שטאַלטיקונג פון די בלאַסע העלדן, האָט אין אַ גרויסער מאָס געהאָלפן דעם רוסישן מענטש זיך צו באַפרייען פון דעם סטאַלין־פחד און אָנהויבן ברענגען צום אויסדרוק די אונטערדריקטע טענות און פאַרבאָרגענע באַגערן.

פון מעטאַפאָרישע רמזים איז ערענבורג באַלד אַריבער צו אָפענע, אומגעצוימטע אַנטפּלעקונגען וועגן דער פינצטערער תקופה פון סטאַ־לין־רעזשים. מיט גרויס אימפּעט האָט ער גענומען שרייבן זיינע זכרו־נות, אין וועלכע ער האָט זיך אַרויסגערוקט ווי דער גרויסער כראָניקער פון אָט־דער שטורמיש־טראַגישער עפּאָכע. דערביי האָט ערענבורג ערשטער אין סאָוועטן־פאַרבאַנד אויף אַ ליידנשאַפטלעכן אופן געבראַכט צום אויסדרוק זיין צאָרן קעגן אַנטיסעמיטיזם.

## XVIII

# דער סך־הכל פון אַ שטורמישן לעבן

אין די מעמוּאַרן האָט ערענבורג אונטערגעצויגן אַ סך־הכל פון זיין לאַנגן לעבנס־וועג, פול מיט בלאָנדזשעניש און סתירותדיקע האַנדלונגען, ווען ער איז געגאַנגען אין שפּאַן פון רעזשים און אָפט ווידערשפּעניקט. עס קומט דאָרט אויך צום אויסדרוק ערענבורג׳ס פאַרוואָרצלטקייט אין די גייסטיקע טראַדיציעס פון דער מערב־וועלט — באַזונדערס זיין פאַרהערלעכונג פון די פרייהייטלעכע שטרעמונגען פון ניינצנטן יאָרהונדערט.

ערענבורג האָט אַלעמאָל צוריקגעבליקט צום 19טן יאָרהונדערט, וואָס האָט אַרויסגעגעבן די גרעסטע צאָל קאָלירפולע פּערזענלעכקייטן — דאָס יאָרהונדערט פון עפּאָכע־מאַכנדיקע געשעענישן און גייסטיקע שטרעמונגען, וואָס האָבן זינט דעם רענעסאַנס אַממייסטן באַרייכערט די מאָדערנע קולטור.

צו זיין 75טן יובל האָט ערענבורג געמאַכט אַ בליק־עקסקורסיע צום יאָר 1891, ווען ער איז געבוירן געוואָרן אין קיעוו. ער האָט דאָס געטאָן בעת דער געבוטסטאָג־פייערונג, וואָס איז דעם 27טן יאַנואַר, 1965, איינגעאָרדנט געוואָרן פאַר אים אין מאָסקווע. ערענבורג האָט

אָנגעהויבן זיין רעדע מיט אַ באַמערקונג, אַז ער האָט דאָס געפיל, אַז זינט זיין געבורט זיינען פאַרביי „נישט דריי־פערטל יאָרהונדערט, נאָר עטלעכע יאָרהונדערטער“, און דאַן האָט ער אויסגערעכנט די היסטאָרישע פיגורן, וועלכע האָבן נאָך דאַן געלעבט:

„אין רוסלאַנד האָט געקיניגט אַלעקסאַנדער דער דריטער. אויפן טראָן פון גרויס־בריטאַניע איז געזעסן די קעניגין וויקטאָריאַ, וועלכע האָט געדענקט די באַלאַגערונג פון סעוואַסטאָפּאָל, די רעדעס פון פרעמיער־מיניסטער גלאַדסטאָן און די „פּאַציפיקאַציע“ פון אינדיע.

„אין ווין האָט געהערשט דער באַרעמהערציקער פראַנץ יאָזעף, וועלכער איז אַרויף אויפן טראָן אין היסטאָרישן יאָר 1848; עס האָבן נאָך געלעבט די העלדן פון די דראַמעס און קאָמעדיעס פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט — ביסמאַרק, גענעראַל גאַליפע, דער באַוואוסטער דיפּלאָמאַט פון צאַרישן רוסלאַנד איגנאַטיעוו, מאַרשאַל מאַקמעיאָן און וואָגט, וועלכער איז צווישן די רוסישע סטודענטן באַקאַנט געוואָרן אַ דאַנק דעם פּאַמפלעט פון קאַרל מאַרקס.

„עס האָט נאָך געלעבט פרידריך ענגעלס; עס האָבן נאָך געווירקט לואי פּאַסטער און סיענקעוויטש; מאָפּאַסאַן און ווערלען; טשאַיקאָווסקי און ווערדי; וויסלער און לואי מישעל. פּאַריז איז זיך באַגאַנגען אָן דעם אייפעל־טורעם און אָן אויטאָמאָבילן. וועגן מאָסקווע האָט מען גערעדט ווי וועגן „אַ גרויס דאָרף“ און אַמעריקע האָט זיך נאָך געפונען ערגעץ הינטערן זיבעטן באַרג. אויף דער וועלט זיינען דאַן נאָך נישט געווען זשאָליאָ קירי און פערמי, נישט מאַיאַקאָווסקי און נישט פּאָול עלואַרד. היטלער איז אַלט געווען קוים צוויי יאָר“.

אין די סאַמע לעצטע חדשים פון זיין לעבן האָט איליאַ ערענבורג פיבערהאַפט געאַרבעט איבער דעם זיבעטן באַנד מעמואַרן, אין וועלכן ער האָט זיך פאַרמאָסטן צו דערציילן וועגן זיינע ראַנגלענישן מיטן כרושטשאָוו־רעזשים, ווי אויך אַרויסצוברענגען ווייטערדיקע איינצלהייטן וועגן די פאַרברעכנס פון דער סטאַלין־תקופה. וועגן דעם כאַ־

ראַקטער און פאַרגעם פון אַט דעם געפּלאַנטן באַנד פון זיינע זכרונות — „מענטשן, יאָרן, לעבן" — באַקומען מיר אַ באַגריף פון דער הקדמה, וואָס איז דערשינען אין „נאָווי מיר", אין זומער פון יאָר 1967 — קוים עטלעכע וואָכן פאַר זיין טויט.

ערענבורג הויבט אָן פון דער באַמערקונג, אַז ווען ער האָט גע־מאַכט די עטלעכע הוספות צום זעקסטן באַנד, האָט ער זיך אַרומגע־זען, אַז ער האָט דורכגעלאָזט פיל געשעענישן, וואָס פאָדערן אַ זיבעטן באַנד.

„איך ווייס" — שרייבט ערענבורג — „אַז אין די פאַרגאַנגענע צען יאָר האָט זיך פיל געענדערט, סיי אין לעבן פון דער וועלט און סיי אין מיין אינערלעכן לעבן. איך האָב דעם מאַטעריאַל וועגן וואָס צו שרייבן, און שוויגן וועגן דעם וואָלט דורך מיינע לייענער געקענט ווערן אויסגעטייטשט, ווי אַ פאַרלאַנג צו לעבן אין זיכערקייט און מיט אַ פרומער מינע אָנהויבן לעבן אויף פּענסיע".

אונטערצייענדיק אַ סך־הכל פון די העכער פופציק יאָר מלחמות, רעוואָלוציעס, דיקטאַטורן און מאַסן־מאָרדן, שילדערט איליאַ ערענבורג אַן אומהיימלעך בילד פון אונזער נוקלעאַרער תקופה, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט הירא־שימאַ. ער האָט וועגן דעם געמאַכט דעם דעפּע־טיסטישן אויספיר: „מענטשן קענען ווערן צוגעוואוינט צו אַלץ, צו לעבן נאָענט פון אַ ווולקאַן, אַן ערד־ציטערניש, אָדער אַ ציקלאָן. מיר זיינען געוואָרן צוגעוואוינט צו דער מעגלעכקייט פון אַ נוקלעאַרער מלחמה".

די לאַנגע הקדמה צום לעצטן באַנד זכרונות האָט גיכער דעם כאַראַקטער פון אַ ווידוי און ערענבורג איז טאַקע מרמז וועגן דעם ביים סוף:

„אַט־דאָס קאַפּיטל וועט אפשר זיין אַ רעטעניש פאַר אַ צאָל פון מיינע לייענער. געוויינלעך שרייבט מען וועגן אַזעלכע זאַכן אין אַן עפּילאָג, אָבער איך הויב־אָן דערמיט דעם לעצטן טייל פון מיינע

זכרונות... דער שפּעטער אָוונט פון מיין לעבן איז געווען שווער און אומרואיק, אָבער איך האָב מיט גרויס אינטערעס געבליקט צו דער יוגנט. עס איז כאַראַקטעריסטיש פאַרן מענטש צו טראַכטן וועגן דער צוקונפט, אַפילו ווען ער ווייסט, אַז פאַר אים וועט דאָרט מער נישט זיין קיין פּלאַץ...״

אין אַ טאָן פון טיפער נאָסטאַלגיע דערמאָנט ערענבורג זיין יוגנט, ווען ער האָט געגלויבט, „אַז ראַסן און נאַציאָנאַלע פאָראורטיילן קומען צו אַ סוף״. ער רעדט דאַן וועגן געפּלאַצטע אילוזיעס און נישט דער־פילטע האָפענונגען. דערפון גייט ער אַריבער צו אַ פילאָזאָפישן אַנאַ־ליז וועגן דער עוואָלוציע פון רעליגיע, וועגן קאַמף קעגן דאָגמאַטיזם און וועגן די נייע האָריזאָנטן, וואָס האָבן זיך געעפנט פאַר דער מענטש־הייט אין דעם אומגעווייגלעכן פאָרשריט פון די עקזאַקטע וויסנשאַפטן.

„אַמאָל — זאָגט ערענבורג — האָט די אינטעלעקטועלע עליטע זיך באַשעפטיקט הויפּטזעכלעך מיט הומאַניסטישע וויסנשאַפטן. איצט איז דער ווערטפולסטער, שעפערישער שיכט פון יונגן דור פאַרכאַפּט פון מאַטעמאַטיק און פיזיק, וואָס איז פול מיט פאַנטאַזיע. אַפילו אין די געביטן פון מוזיק, פּאָעזיע און מאָלעריי זיינען די יונגע פיזיקער אַ סך בעסער אינפאָרמירט און רוקן־אַרויס מער פאָדערונגען, איידער די סטודענטן פון פילאָזאָפיע, געשיכטע אָדער יוריספּרודענץ״.

וועגן דער טרעפלעכקייט פון ערענבורגס אַרויסהויבן די ראָל פון די פיזיקער איבער די פילאָזאָפן, ווי מוטיקע קעמפער פאַר פרייהייט, זאָגט עדות דער עפּאָכע־מאַכנדיקער מאַניפעסט פון דעם סאָוועטישן פיזיקער, אַנדרעי ד. סאַכאַראָוו, מיטגליד פון דער סאָוועטישער וויסנ־שאַפטלעכער אַקאַדעמיע. סאַכאַראָווס עסיי „געדאַנקען וועגן פּראָגרעס, פרידלעכער קאָ־עקזיסטענץ און אינטעלעקטועלער פרייהייט״ איז אין זומער פון יאָר 1968 פאַרשפּרייט געוואָרן אונטערערדיש אין סאָוועט־רוסלאַנד און האָט אויך דערגרייכט די מערב־וועלט. דאָס איז אַ גע־וואַגטע, טיפזיניקע אָנקלאַגע קעגן די גרויסמאַכטן, איינגעשלאָסן סאָ־

וועט־רוסלאַנד; אַ ליידנשאַפטלעכער רוף צו די פעלקער פון דער וועלט זיך צו באַזינען און קומען צו אַ פאַרשטענדיקונג, אין אַנבליק פון דער דראָענדיקער סכנה פון אַן אַטאָמישער מלחמה.

אויך דער פּראָטעסט קעגן דער סאָוועטישער אינוואַזיע אויף דער טשעכאָסלאָוואַקיי איז אין מאָסקווע, אין אויגוסט 1968, אָנגעפירט געוואָרן דורך דעם יונגן פיזיקער, פּאַוועל ליטווינאָוו, אַן אייניקל פון דעם וועטעראַן פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע און לאַנגיאָריקן סאָוועטישן אויסערן־מיניסטער, מאַקסים ליטווינאָוו.

אַזוי אַרום האָט ערענבורג קלאָר אָפּגעשאַצט, וועלכע שיכטן פון דער אינטעלעקטועלער עליטע זיינען די פּאָטענציעלע טרעגער פון היינטצייטיקן הומאַניזם. ציענדיק ווייטער דעם דאָזיקן געדאַנקען־גאַנג איז ערענבורג געקומען צום אַפּיקורסישן אויספיר, אַז די האָפענונגען פאַר אַ בעסערן מענטש דאַרף מען נישט פאַרבינדן מיט אַ „קולטור־רעוואָלוציע פון די דאָגמאַטיקער, וועלכע באַטראַכטן יעדן אויסדרוק פון קריטישן דענקען, ווי פאַרברעכערישן רעוויזיאָניזם פון דעם לאַנגשוין־פאַרגעסענעם עדואַרד בערנשטיין, נאָר פון דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון די עקזאַקטע וויסנשאַפטן און דעם אויפבראַוז ביי די טרעגער פון אָט־די וויסנשאַפטן — וויסן, באַוואוסטזיין און געוויסן".

דער דאָזיקער מאָטיוו וועגן דער אומצעטיילבאַרקייט צווישן „וויסן, באַוואוסטזיין און געוויסן", חזרט זיך אָפּט איבער אין ערענבורג'ס עפּנטלעכע אַרויסטרעטונגען אין לעצטן פּעריאָד פון זיין לעבן און ער האָט דאָס ווידעראַמאָל דערמאָנט אין דעם אַריינפיר צום נישט־פאַרענדיקטן זיבעטן באַנד פון די מעמואַרן.

אין אַ נעקראָלאָג־אַרטיקל וועגן איליאַ ערענבורג האָט דער רעדאַקטאָר פון „נאָווי מיר", אַלעקסאַנדער טוואַרדאָווסקי, אַנאַליזירט די גרויסע באַדייטונג פון ערענבורג'ס מאָנומענטאַלן לעבנס־ווערק און אויסגעפירט:

„עס געשעט זייער זעלטן, אַז אַ קינסטלער זאָל דאָס סאַמע וויכ־טיקסטע ווערק שאַפן גראָד אין טיפן עלטער, ווי אַ סך הכל פון זיין גאַנצן שעפערישן לעבן... איליאַ ערענבורג, דער ראָמאַניסט, פּאָעט, פּובליציסט און עסייאיסט האָט גראָד אין די מעמואַרן דערגרייכט זיין העכסטן שעפערישן נצחון. דאָס ווערק פאַרכאַפּט דעם לייענער מיט דער אויפריכטיקייט און אוממיטלבאַרקייט פון פערזענלעכן עדות־זאָגן וועגן דעם איבערגעלעבטן: עס איז דער רעזולטאַט פון האַרמאָנישן צונויפבאַהעפטן אַלע זייטן פון זיין ליטעראַרישן טאַלאַנט".

ווי אַ באַווייז וועגן דעם אומגעהויערן אָפּקלאַנג פון ערענבורג׳ס מעמואַרן האָט טוואַרדאָווסקי אַרויסגעהויבן דעם פאַקט, וואָס קיין שום אַנדערער שרייבער האָט נישט באַקומען אַזויפיל בריוו פון לייענער, ווי ערענבורג. די בריוו זיינען געווען פול מיט אויסדרוקן פון דאַנק־באַרקייט, קריטישע באַמערקונגען, ווי אויך פראַגן און וואונטשן, אַז ערענבורג זאָל אַרויסברענגען וואָס מער פאַקטן, וועגן וועלכע ער האָט בלויז געהאַט אָנגעדייטעט.

דורך דעם האַלבן יאָרהונדערט פון סאָוועטישן רעזשים, וואָס האָט די גרויזאַמע צענזור־אינסטיטוציע דערהויבן צו אַן אָפּגאָט, האָט ערענ־בורג זיך אויסגעלערנט די קונץ פון פאַרבלענדן די אויגן פון צענזאָר. אין זיינע ראָמאַנען, פּונקט ווי אין די אַרטיקלען און דער עיקר אין די מעמואַרן האָט ער באַוויזן צו ברענגען צום אויסדרוק פיל אַפּיקורסישע געדאַנקען.

עס זיינען אָבער אויך געווען פאַלן, ווען ערענבורג האָט געבראַכט צום אויסדרוק זיין צאָרן און ביטערניש, אָן דעם קאַמופלאַזש פון לי־טעראַרישע עפעקטן. אַ כאַראַקטעריסטישער ביישפּיל איז דער נעקראָ־לאָג־אַרטיקל צום טראַגישן טויט פון שלמה מיכאָעלס, וואָס ערענבורג האָט פאַרעפנטלעכט ממש אויף צו מאַרגנס נאָך דעם סטאַליניסטישן פאַרברעכן:

„מיר אַלע זיינען דערשיטערט פונעם טראַגישן פאַרלוסט. עס איז נאָך נישט געקומען די צייט פאַר רואיקע זכרונות, פאַר אָפּשאַצונגען. איצט ווילט זיך זאָגן דאָס סאַמע וויכטיקסטע: עס איז אומגעקומען אַ מענטש, וואָס האָט געלעבט פאַר זיין פאָלק. ער האָט געלעבט אין יענע יאָרן, ווען דאָס פאָלק איז בייגעשטאַנען אַ שרעקלעכן נסיון. מיכאָעלס וואָלט זיך געקענט אויסבאַהאַלטן אין דער קונסט. דער וואָס האָט אים אין מאָל געזען אויף דער בינע ווייסט, אַז ער איז געווען אַ גרויסער אַקטיאָר. ער האָט זיך אָבער נישט אויסבאַהאַלטן: ער האָט מקריב־געווען אַלץ לשם דעם לעבן פונעם פאָלק. ער איז אומגעקומען אין מינסק, אין דער שטאָט, וואָס האָט געזען דאָס געטאָ און די פאַרטיזאַנען, טראָסטיאַנעץ און דעם אונטערערדישן קאַמף; דעם צער און שטאָלץ פון די אידן; איך זע אים אַן אומגעקומענעם, צוזאַמען מיט חברים פון די מלחמה־יאָרן, ווי אַ סאָלדאַט, וואָס האָט זיך געשלאָגן פאַר פרייהייט און יושר. מען זאָגט, אַז דער אָנדענק וועגן אַן אַקטיאָר איז נישט אייביק און שטאַרבט צוזאַמען מיט די מענטשן, וואָס האָבן געזען זיין קונסט. גאָר אַן אַנדערן רום וועט האָבן מיכאָעלס: אַ לאַנגן, אַ טריאומפירנדיקן, ווי דער גורל פון זיין פאָלק. עס איז געשטאָרבן אַ גרויסער אַקטיאָר, אַ וואונדערבאַרער מענטש, אַ זון פון זיין פאָלק. עס איז געשטאָרבן מיכאָעלס".

דער דאָזיקער טרויער־אויסגעשריי פון איליאַ ערענבורג איז דערשינען אין דער „אייניקייט", דאָנערשטיק דעם 15טן יאַנואַר, 1948, אַ טאָג פאַר דער לוויה. אין דעם זעלבן נומער און אויך אין נומער פון שבת, דעם 17טן יאַנואַר, אין וועלכן עס איז געדרוקט געווען דער באַריכט פון דער לוויה — צוזאַמען מיט דעם בילד פון מיכאָעלס'ן אויף אַ קאַטאַפאַלק מיט בלומען — זיינען דערשינען טרויער־דערקלערונגען פון אידישע און נישט־אידישע שרייבער און טעאַטער־מענטשן.

אין די אַלע אַרטיקלען רעדט זיך וועגן דעם, אַז מיכאָעלס איז „געשטאָרבן", אָדער, אַז ער איז „אַוועקגעריסן געוואָרן" און עס ווערן

אַרויסגעהויבן זיינע פאַרדינסטן פאַרן סאָוועטישן הימלאַנד. בלויז אין ערענבורג׳ס טרויער־אויסדרוק זאָגט זיך, אַז ער איז „אומגעקומען אין מינסק״ און עס ווערט אונטערגעשטראָכן, אַז ער האָט זיך „מקריב־געווען פאַר זיין פאָלק״.

אין ערענבורג׳ס נעקראָלאָג־אַרטיקל וועגן שלמה מיכאָעלס איז שוין פאַראַן אַ רמז וועגן די שפּעטערדיקע „זכרונות״, אין וועלכע ער האָט טיילווייז אויפגעהויבן דעם פאָרהאַנג איבער דעם אָפּגרונט פון די סטאַליניסטישע פאַרברעכנס. דערמיט האָט ערענבורג געצויגן אויף זיך דעם צאָרן פון כרושטשאָוו׳ס ליטעראַרישע קאָמיסאַרן, וועלכע האָבן אים געמוסרט, אַז ער איז מגזם אין זיינע שילדערונגען פון דער טראַגישער פאַרגאַנגענהייט און שאָדנט דערמיט דעם נאָמען פון סאָוועטן־פאַרבאַנד.

ווען עס זיינען אין „נאָווי מיר״ דערשינען די לעצטע קאַפּיטלען פון ערענבורג׳ס מעמואַרן, האָט דער קריטיקער אַלעקסאַנדער מעטשענקאָ פאַרעפנטלעכט אַ שאַרפע אַטאַקע קעגן איליאַ ערענבורג („ליטעראַטורנאַיאַ גאַזעטאַ״ פון 27טן דעצעמבער, 1965). מעטשענקאָ האָט באַזונדערס זיך אָפּגעשטעלט אויף ערענבורג׳ס אַפּיקורסישן אויספיר, אַז די עקספּערימענטן, וואָס זיינען אין דער סאָוועטישער ליטעראַטור אָנגעגאַנגען אין די צוואַנציקער יאָרן, ווען עס האָבן עקזיסטירט פאַרשידענע גרופּירונגען, ווי אימאַזשיניסטן, פוטוריסטן און סימבאָליסטן — האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט „די גאָלדענע תקופה פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור״, אין קאָנטראַסט צום סטאַליניסטישן פעריאָד פון די דרייסיקער יאָרן, ווען „פּאָעטן האָבן געשריבן אויף באַשטעלונג״.

אין סאַמע שפּיץ פון דער קאַמפּאַניע קעגן איליאַ ערענבורג האָט זיך געפונען דער סאָץ־רעאַליסטישער טעאָרעטיקער וסעוואָלאָד א. קאָטשעטאָוו, מחבר פון אַ ריי אַזוי־גערופענע „פּראָדוקציע־ראָמאַנען״, אין וועלכע עס ווערן באַזונגען די ווירטשאַפטלעכע דערגרייכונגען

פון סאָוועטן־פאַרבאַנד. קאַטשעטאָוו, וועלכער איז דער רעדאַקטאָר פון דעם קאָנפאָרמיסטישן זשורנאַל „אָקטיאַבער" (אָקטאָבער), האָט נאָכן טויט פון איליאַ ערענבורג אָנגעהויבן אַ נייע אָפענסיווע קעגן די רעבעליאַנטישע שרייבער אין סאָוועט־רוסלאַנד. אין אַפּריל פון יאָר 1968 האָט קאַטשעטאָוו אויפן צוזאַמענפאָר פון דער מאָסקווער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע געפאָדערט צו פאַרשטאַרקן די קאָנטראָל פון דער פּאַרטיי איבער דער ליטעראַטור און קונסט — אַ לאָזונג, וואָס איז דורך ערענבורגן אַלעמאָל באַקעמפט געוואָרן.

מיטן לויף פון דער צייט ווערט אַלץ קלאָרער די שווערע אבידה, וואָס די רעבעליאַנטישע שרייבער אין סאָוועט־רוסלאַנד — און בכלל אין אַלע לענדער פון קאָמוניסטישן בלאָק — האָבן געליטן צוליב דעם טויט פון איליאַ ערענבורג, וועלכער איז אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן געוואָרן דער פאָנען־טרעגער אין דעם קאַמף פאַר פרייהייט פון קינסטלערישן אויסדרוק.